בערנאַרד שאָאו.

# קאַנדידאַ

מיסטעריע אין דריי אַקטן.

איבערזעצט פון מ. עלקי.



ווילנער פארלאג פון ב. א. קלעצקין.

לאַנדאָנער נעפל. און הגם דער רויך פֿון די שטיין-קוילן
שמוצט גאַנץ געשמאַק די פּנימער, הענט און די מויער-ווענט,
האָך איז ער ניט אויף אַזוי פֿיל געדיכט, אַז ער זאָל אָפּ-
שרעקן אַ לאָנדאָנער תושב.

צווישן דעם מדבר איז דאָ אַ מין שטיקל גן-עדן אויך, —
אין עק פֿון העקניימער נאָם ליגט אַ פּאַרק פֿון 217 אַקר
גרונט, אַרומגעצאַמט מיט אַ האָלצערנעם שטאַכעטן-פּאַרקאַן
און ניט מיט אַן אײַזערנע גראַטע; אין פּאַרק איז פֿיל קליינע
טײַכעלאַך, בוימער, אַ אָזערע צום באָדן זיך; בלומען, קלומ-
בעס — די העכסטע מדרגה פֿון קליינבירגער-קונסט, — וועל-
כע זעהען אויס ווי טעפּיכן. לסוף איז דאָ נאָך אַ זאַמד-
בערגל, וועלכן מען האָט אַמאָל געבראַכט אַהער צוליב קינ-
דער-שפּיל, נאָר דערנאָך איז ער פֿאַרלאָזן געוואָרן און איצט
האָבן זיך דאָרט באַזעצט די פּאַאונא פֿאָרשטייער פֿון די
שכנות'דיגע קוואַרטלען פֿון קינגסלענד, העקניי און האָקס-
טאָן. די איינציגע צירונג פֿון פּאַרק איז: אַ פּאַוויליאָן פאַר
מוזיק; אַ ליידיגער פּלאַץ, אָן מעבל, אויף וועלכן עס טרעטן
אַרויס רעליגיעזע, אַנטי-רעליגיעזע און פּאָליטישע רעדנער;
אַ פּלאַץ אויף קראָקעט שפּיל, אַ גאַלעריע פֿאַר גימנאַסטיק
און אַן אַלטפֿרענקישער שטיינערנער קיאָסק. דאָרט וואו דער
האָריזאָנט פֿאַרענדיגט זיך מיט בוימער אָדער מיט גרינס
באַדעקטע פֿלאַכהייטן, — איז דער פּאַרק שיין און אַנגענעם.
דאָרט אָבער וואו ער ציט זיך ביזן גראָהען צוים, דורך וועלכן
עס זעהען זיך די ציגעלנע ווענט פֿון די הײַזער, די שילדן,
וועלכע באַהעקן די דעכער, די צאָל-לאָזע קוימענס מיט דעם
פּאַמעליך קריכנדן רויך, — זעט אויס דער אָרט אומעטיג
און פֿאַרוואָרפֿן (אין 1894-טן יאָר).

דער שענסטער אָנזיכט אויפֿן וויקטאָריאַ-פּאַרק איז פֿון
דעם פֿאָדערשטן פענסטער פֿון פּאַסטאָרס הויז בײַ דער דאָ-
מיניקאַנער קירכע; פֿון דאָרט זעט זיך ניט קיין איינציגער
מויער. דעם פּאַסטאָרס הויז, מיט אַ געדעקטן גאַניק, שטייט
דאָרט בײַם קירכע און איז אַרומגערינגלט מיט אַ גאָרטן. בע-
זונדער הויבן זיך אויף צום אַרײַנגאַנגס-טיר אויף אַ קליינע שטיי-
נערנע טרעפּ; הענדלער און שטובינע מענטשן גייען דורכן
טיר, וועלכע איז אונטער די טרעפּ. די טיר פֿירט אין אונ-
טערשטן שטאָק, אַוואו עס געפֿינט זיך דאָס עסצימער און

די קיך. אין אויבערשטן שטאָק, אויפֿן הויך פֿון טיר, געפֿינט זיך דער סאַלאָן מיט גרויסע פֿענסטער, וועלכע גייען אַרויס גלייך אין פּאַרק. אין דעם צימער, וועלכער איז דער איינציגער פֿרייַ פֿון די קינדערשע אומלויפֿעניש, אַרבעט דער פּאַסטאָר דזשעמס מעוואָר מאָרעל. ער זיצט אויף אַ פֿעסטן, מיט אַ קיילעכדיגן לעהן-ברעטל שרויף-שטול, אין עק לאַנגן טיש, וועלכער שטייט נעבן פֿענסטער אַזוי, אַז מען קען אַרייַנקוקן אין פּאַרק. צום צווייטן עק טיש איז צוגעשטעלט נאָך איינער, אין צווייען אַ שמעלערער טישל, אויף וועלכן עס שטייט אַ שרייַב-מאַשין. די איבערשרייַבערן מאָרעלס זיצט בייַ דעם טישל מיטן פּלייצע צום פֿענסטער. דער גרויסער טיש איז פֿאַרוואָרפֿן מיט בראָשיורן, זשורנאַלן, בריוו, פּאַס-טאַמענטן פֿאַר בריוו, אַ גרויסער בוך פֿאַר טעגלעכע פֿאַרצייכענונגען, אַ וואָג-שאָל פֿאַר קאָרעספּאָנדענץ א. א. וו. אַנטקעגן מיטן טיש שטייט אַ שטול פֿאַר בעזוכער, פּאַרקערט צום עק טיש. אונטערן האַנט בייַם פּאַסטאָר שטייט אַ שאַכטל מיט פּאָסט-פּאַפּיר און קאָנווערטן, און אַ פֿאָטאָגראַפֿיש בילד אין אַ ראַמל. די גאַנצע וואַנט הינטער אים איז באַשטעלט מיט ספֿרים-שרייַנק. די נעמען פֿון די ספֿרים בעווייַזן, אַז זייער באַזיצער איז אַן אָנהייגנער פֿון פּלפּול און רעליגיע-למודים. דאָ קען מען געפֿינען „די טעאָלאָגישע פּרובן" פֿון מאָררים און אַ זאַמלונג פֿון בראַאונינגס לידער. דעם פּאַסטאָרס בולטע נייגונג צו פּראָגרעסיווע פּאָליטישע אידייען איז צו מערקן פֿון דעם געלן באַנד „פּראָגרעס און אָרימקייַט", פֿאַביאַנער עט-יודן", „דזשאָן בולס חלום", „קאַפּיטאַל", פֿון מאַרקס און נאָך עטליכע אָנגעזעהענע ביכער וועגן סאָציאַליזם. פּונקט קעגן אים, אין צווייטן זייַט צימער, ניט ווייַט פֿון טישל מיטן שרייַב-מאַשין, — אַ טיר. ווייַטער, קעגן קאַמין, שטייט אַ עטאַזשערקע מיט ביכער און נעבן איר אַ דיוואַן. דער קאַמין הייצט זיך פֿריילעך. פֿאַרן קאַמין שטייט אַ באַקוועמער שטול. פֿון איין זייַט קאַמין שטייט אַ שוואַרצער, מיט יאַפּאַנישן לאַק געפֿאַרבט און געמאָלענער קעסטל פֿאַר שטיין-קוילן; פֿון אַנדער זייַט — אַ קליין שטולכנדל פֿאַר אַ קליין קינד. איבערן קאַמין — אַ פּאָלירטע הילצערנע ברעט מיט עטליכע שיינע פּאָליצקעס אין דער מיט און פֿון די זייַטן שפּיגל. אויפֿן ברעט — אַ וועג-זייגער אין אַ לעדערנע שיידל (דאָס אונפֿאַרמיידליכע דרשה-געשאַנק). אויפֿן וואַנט איבערן

קאַמין — אַיין אַוטאָטיפּיש בילד — די הויפּט-פיגור פון טיציאַנס מאַחאָגע — וועלכע מאַכט זייער אַ גוטן איינדרוק. בכלל מערקט זיך אין שטוב אַ האַנט פון אַ גוטער בעל-הביתטע, וועלכע האָט מיט אַלין אָרדנונג געמאַכט, אימערן שרייבטיש. דאָס מעבל איז פון יענעם סאָרט און סטיל, וועגן וועלכן די לאָנדאָנער מעבל-הענדלער פּובליקירן אָפט; דאָך איז אין צימער נישטאָ קיין איבעריגע אָדער פּרעטענציעזע זאַכן. די טאַפּעטן און די האָלצערנע ווענט-באַפּוצונג זיינען טונקעלע און דעריבער טיילט זיך שטאַרק אויס דער גרויסער ליכטיגער פענסטער, דורך וועלכן עס זעט זיך אַרויס דער פּאַרק.

פּאַסטאָר דושעמס מעוואָר מאָרעל — אַ קריסטיאַנישער סאָציאַליסט לויטן אָנשויאונג, איז אַ גלח פון אַ ענגליקאַנישע קירכע, זייער אַ טיכטיקער טוער פון „גילדיע פון היילגן מאַטפיי" און „קריסטיאַנישן סאָציאַלן פעראיין". אַ ענערגישער, פרייליכער, זייער פּאָפּולערער מענטש, אין עלטער ערך פון פערציג יאָר, געזונט און שיין, מיט האַרציגע, פולע אויפמערקזאַמקייט צום צווייטן, מאַנירן און מיט אַ הילכיגע, חייכע, אָן קיינע אַפעקטן, שטימע, מיט אַ ריינע אויסשפּראַך פון אַ געזונטן מענטשן און געניטן רעדנער. ער פאַרמאָגט אַ גרויסן אויסוואַל שיינע אויסדריקע, מיט וועלכע ער באַנוצט זיך זייער לייכט און שיין.

ער איז אַ ערשטקלאַסיגער פּאַסטאָר, וועלכער קען זאָגן יעדן דאָס, וואָס ער וויל, וועלכער קען זאָגן לייטן מוסר, ניט אויפרעגנדיג דערמיט קיינעם קעגן זיך, וועלכער קען אַרויסבאַווייזן זיין אַוטאָריטעט, ניט אַראָפּוואַרפנדיג דערמיט דעם צווייטן און אַז מען דאַרף — אויך אַריינמישן זיך אין פרעמדע עסקים אָן קיין שום באַלאַסטיגונג פאַרן צווייטן. אין אים הערט קיינמאָל ניט אויף צו ברויזן ענטוזיאַזם און סימפּאַטיע צו מענטשן; ער עסט און שלאָפט אַזוי גוט, אַז ער קען אַלע טאָג גאַנץ גרינג שטרייטן מיט מידקייט און אָפּרוה. אין תוך אָבער איז ער, אייגנטליך, אַ גרויסער קינד, וועלכער גרויסט זיך ניט אומויסט מיט זיינע פיאינקייטן און איז אין אַ געוויסער מאָס מיט זיך צופרידן. ער האָט אַ געזונטן, פרישן פּנים, אַ הויכן שטערן מיט גרויסע ברעמען און פלינקע ענערגישע אויגן. אַ שטריינגער, דאָך ניט גאָר רעליעף געשטריכענער מויל. אַ גענוג גרויסער נאָז מיט באַוועגליכע, ברייטע נאָז-לעכער

פון אַ עלטן דראַמאַטישן רעדנער. בכלל זיינען אַלע זיינע פּנים־שטריכן ניט נאָר קליין דינע.

די אָבערשרייבערן, מיס פּראָזערפּינאַ נאַרגעט, אַ לעבעדיגע, קליינוואוקסיגע פרוי, ערך דרייסיג יאָר, פון נידעריגע בורזשואַזע שיכטן, ציכטיג נאָר ביליג געקליידט אין אַ שוואַרצע מערינאָסענע קלייד. אין געשפּרעך איז זי אַיילענדיג און שאַרף; קיין זייער פאָרנעמע מאַנירן באַזיצט זי ניט, נאָר דאָך איז זי אין אַ געוויסער מאָס עמפּפינדליך און איז פייאיג צובינדן זיך צו אַ מענטשן.

זי איז פאַרטיפט אין איר קלאַפּן איבער די קלאַווישן פון שרייב־מאַשין, ביז מאָרעל קוקט דורך דעם לעצטן בריף, וועלכן ער האָט באַקומען מיט דער לעצטער פּאָכט. ער לייענט דעם בריף און פון דעם אינהאַלט קומט ער צו אַ קאָמישן וויי־געשריי...

## 1־טער אויפטריט

פּראָזערפּינע: נאָך אַ לעקציע?

מאָרעל: יאָ. די דאָקסטאָנער אונאָפּהיינגיקע גרופּע בעט מיך לייענען זיי אַ לעקציע זונטאָג פרי (ער באַטאָנט דעם וואָרט „זונטאָג", וועלנדיג באַווייזן, אַז אין דעם אייגענטליך באַשטייט דאָס אונמעגליכסטע פאַר אים) ווער זיינען די אַזעלכע?

פּראָזערפּ. רופֿט זיך אַנאַרכיסטן־קאָמוניסטן.

מאָרעל: יאָ, ניט וויסן, אַז זונטאָג איז אַ פאַסטאָר פאַרנומען, קענען ווירקליך נאָר אַנאַרכיסטן... זאָגט זיי, אַז אויב זיי ווילן מיך הערן, זאָלן זיי קומען אין קירכע. דאָס וועט זיי זיין נוצליך. ביי זיי אָבער וועל איך קענען זיין ערשט מאָנטאָג אָדער דאָנערשטאָג. דער טאַשן־ביכל איז ביי אייך?

פּראָזערפּ. (נעמט דעם טאַשן־ביכל, קוקט אַריין) מאָנטאָג איז דער גוטאָוער־האַמלעטער ראַדיקאַלער קלוב.

מאָרעל: אַזוי?... און דאָנערשטאָג?

פּראָזערפּ. די ענגלישע ערד־ליגע.

מאָרעל: וואָס גייט ווייטער?

פּראָזערפּ. מאָנטאָג לייענט איר פאַר דער גילדיע פון הייליגן מאַטפיי; דינסטאָג — ביי דער אונאָפּהיינגיקער גרופּע גרינוויטשער אַרבעטער־פּאַרטיי; דעם צווייטן מאָנטאָג — די מאַילענדער גרוי־

פע פון סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פעדעראַציע; דאָנערשטאָג — דער ערשטער קלאַס פון די, וואָס גרייטן זיך צו קאָנפירמאַציע...
(מיט אונגעדולד) אַך, ניין! איך וועל זיי שוין בעסער זאָגן, אַז איר קענט נאָר ניט. האָרטן איז אין גאַנצן פאַראַן ביי אַ האַלבע טוץ עמי הארצים און נאַכן־הענדלער, צווישן וועלכע עס וועט זיך קיין פינף שילינג ניט אויפקלייבן.

מאָרעל: (שמייכלענדיג) יאָ, איר דאַרפט אָבער וויסן, מיס גאַרנעט, זיי זיינען מיינע נאָהענטע קרובים.

פראָזערפ. (קוקט אים אָן פאַרוואונדערט) אַייערע קרובים?!

מאָרעל: יאָ. ביי אונז איז איין פאָטער — אין הימל.

פראָזערפ. (באַרוהיגט) אַך, דאָס איז גאָר!

מאָרעל: (מיט פאַרטרויען) איר גלויבט נישט אין דעם. אַלע ריידן וועגן דעם, נאָר גלויבן — קיינער נישט, קיינער גלויבט נישט. (נעמט זיך ווידער מונטער צו דער אַרבעט) יאָ, יאָ! לאָמיר נאָר ניין ווייטער, מיס פראָזערפינאַ, אפשר וועט איר דאָך אויסזוכן אַ טאָג פאַר די נאַכן־הענדלער? וואָס איז וועגן 25־טן? איירערנעכטן, געדיינק איך, איז דער טאָג נאָך געווען פריי.

פראָזערפ. (קוקט אַריין אין ביכל) פאַרנומען. געזעלשאַפט פון די (פאַביאַנער. *)

מאָרעל: די פאַביאַנער זיינען מיר שוין נמאס געוואָרן. נו, און ווי איז מיטן 28־טן?

פראָזערפ. אַ מאָלצייט אין שטאָט. איר זייט איינגעלאַדן אויף אַ מיטאָג צו די מעטאַליסטן.

מאָרעל: אָ, גאַנץ גוט. אָנשטאָט צו זיין אויפן מיטאָג, וועל איך זיך לאָזן צו דער דאָקסטאָנער אינאָפהיינגיקער גרופע. (פראָזערפינאַ נאָטירט עס שווייגענדיג אין טאַשן־ביכל, נאָר אויף איר פנים איז קענטיג, אַז זי איז מלא כעס אויף די דאָקסטאָנער אַנאַרכיסטן. מאָרעל רייסט אויף רוישנד דאָס באַנדעראָל פון דער נאָר וואָס אָנגעקומענער צייטונג „קירכן־רעפאָרמאַטאָר" און לייענט דעם לייט־אַרטיקל, געשריבן פון סטיואַרט גידליאַם **), אויך די אַרטיקלען פון גילדיע פון היילינגן מאַטפיי. זיין אַרבעט ווערט איבערגעריסן, ווייל עס קומט אַריין אַלכסנדר מיל —

---

*) די געזעלשאַפט פון פאביאנער באשטייט פון סאָציאַליסטן, וועלכע גלויבן ניט אין צוועק מעסיגקייט פון גוואלד־איבערקערעניש. די פאביאנער גלויבן אין זין פון סאַציאַליזם, דורך זיין לאַנגזאַמען אריינדרינגען אין אלע שיכטן פון דער מענשליכער געזעלשאפט. ס'איז געווען א צייט, ווען זיין א פאביאנער איז געווען א געוויסער שיק. דאָס איז זייער א ווירקבארע געזעלשאפט. בערנארד שאָו אליין האָט אויך געהערט צו דער פארטיי. ער איז דאָרט געווען זייער געאַכטעט און האָט דארט געהייסן: „דער שטערן פון די פאביאנער"

**) סטיואַרט גידליאם—איז איינער פון די אָנגעזעהענע פאסטאָרן־סאָציאליסטן.

אַ יונגער חושענטעלמען. מאָרעל האָט אים געגומען פֿון אַ נאָהענטער אוניווערסיטעט־פֿאָרשטאָט, וואו מיל האָט געוואָלט מזכּה זיין די אָרימע באַפֿעלקערונג פֿון לאָנדאָנער איסט־ענד מיט די מותרות פֿון זיינע למודים, וועלכע ער האָט באַקומען אין אָקספֿאָרד, דאָס איז אַ צופֿרידענער יונגערמאַנטשיק, מיט אַ לייטישע הנהגה און מיט אַ ביסל ענטוזיאַזם, נאָר לחלוטין אַ אפּרוחיל. ער באַזיצט ניט קיינע אָפּשטויסנדע זיטן, אויסער אפשר זיין מאַניר צו ריידן לאַנגזאַם, צונויפֿדריקנדיג די ליפּן אַזוי, אַז עס קומט אים צו רייד'ן נאָר מיט דער מיטל־טייל פֿון מויל. ער מיינט, אַז עס איז דייער שיין אַזוי, און דעריבער קומען ביי אים אויס איינינגע ווערטער דייער שלעכט; אַזוי, למשל, אָנשטאָט „אָ" קומט ביי אים אויס „אָאו". ער טוט עס, מיינענדיג, אַז אויף אַזאַ אופֿן וועט ער קענען באַקאָנען דעם אָרימען המון מיט די אָקספֿאָרדער ראַפֿינירטקייט... מאָרעל, צו וועלכן מיל באַציט זיך מיט אַ הינטישע איבערגעבנקייט, רייסט זיך אָפּ פֿון צייטונג, קוקט צאַרט אויף מילן).

**מאָרעל:** וואָס איז לעקסי? ווידער פֿאַרשפעטיגט, ווי געוויינליך?

**לעקסי:** איך האָב מורא, אַז ס'איז טאַקע אמת... איך וואָלט וועלן אויפֿשטיין פֿריער.

**מאָרעל:** (צופֿרידן פֿון זיין אייגענער מונטערקייט) כאַ־כאַ! (אַ ביסל קאָמיש) וואַכט און טוט תּפֿילה, לעקסי, וואַכט און טוט תּפֿילה.

**לעקסי:** איך ווייס. (ער וויל זיך וויצלען) ווי אַזוי אָבער זאָל איך וואַכן און תּפֿילה טאָן, אַז איך שלאָף גאָר? ניט אמת, מיס פּראָסערפּי?

**פּראָזערפּ.** (שאַרף) מיס גאַרנעט, — זייט אַזוי גוט.

**לעקסי:** ענטשולדיגט, — מיס גאַרנעט.

**פּראָזערפּ.** איר וועט דאַרפֿן היינט אַליין אָפּפּאַרטיגן אייער אַרבעט.

**לעקסי:** פֿאַרוואָס?

**פּראָזערפּ.** פֿאַרוואָס? — דאָס איז ניט וויכטיג, נאָר עס וועט אייך גאַנץ נוצליך זיין, אַז איר וועט כאָטש איין מאָל אין לעבן פֿאַרדינען אייער שטיקל ברויט פֿריער, איידער איר עסט אים אויף, אַזוי ווי מיר קומט עס אויס צו טאָן. גייט, דרייט זיך דאָ ניט אום. שוין אַ האַלבע שעה ווי איר האָט באַהאַרפּט זיין אויף דער רעוויזיאָנס־אַרבעט.

**לעקסי:** (אין פֿאַרלעגנהייט) מאָרעל, זי מיינט עס ערנסט?

**מאָרעל:** (אין אַ געהויבענער שטימונג; די אויגן פֿינקלען) יאָ, היינט בין איך פֿריי.

**לעקסי:** איר? ניין, איר ווייסט ניט, וואָס איז אַזוינס זיין פֿריי.

**מאָרעל:** (לאַכט האַרציק) כאַ-כאַ! איך ווייס ניט? היינט וויל איך אויס-ברייינגען אויף זיך דעם גאַנצן טאָג, אָדער לפּחות אַ האַלבן, ביז מיטאָג. מיין פֿרוי קומט, זי דאַרף זיין דאָ עלף פֿינף און פֿערציג.

**לעקסי:** (פֿאַרוואונדערט) זי קומט שוין צוריק? מיט די קינדער? איך האָב געמיינט, אַז זי וועט דאָרט בלייבן ביזן סוף חודש.

**מאָרעל:** אַזוי וועט עס טאַקע זיין. זי קומט נאָר אַליין אויף אַ פּאָר טעג. די דאַרף קויפֿן אַ פּאָר וואָלענע זאַכן פֿאַר דזשימי און אַגב וועט זי אַ קוק טאָן, ווי אַזוי מיר לעבן דאָ אָן איר.

**לעקסי:** מיין טייערער מאָרעל, ביי דזשימי און פֿלאָופּי איז דאָך געווען סקאַרלאַטינע! איז עס דען פֿאָרזיכטיג?...

**מאָרעל:** סקאַרלאַטינע! אַך, נאַרישקייטן, — ווינט-פּאָקן. איך האָב עס פֿאַרשלעפּט אין שטוב פֿון פּיקראָפּטער שול. אַ פֿאַכטאָר, מיין קינד, איז ווי אַ דאָקטאָר... ער דאַרף גיין אויף יעדן פּעכט-פּלאַץ, צו יעדע אָנשטעקנדע מחלה, ווי אַ סאָלדאַט גייט אונטער קוילן. (ער שטייט אויף, פּאַטשט לעקסי איבערן פּלייצע) באַמיט זיך נאָר צו באַקומען ווינט-פּאָקן. קאַנדידאַ וועט אַרום איך אַם-גיין, וועט איך אויפֿפּאַסן. ס'אַ-אַ גליק דאָס חאָלט גע-ווען פֿאַר איך! אַ?

**לעקסי:** (מיט אַ געצוואונגענעם שמייכל) אַז איר רעט וועגן מיסטרים מאָרעל, קען מען איך קיינמאָל ניט פֿאַרשטיין...

**מאָרעל:** אַך, ניין, מיין קינד! האָט חתונה, זאָג איך איך, האָט חתונה אויף אַ רעכטע, אינטערעסאַנטע פֿרוי, דאַן וועט איר מיך פֿאַר-שטיין. דאָס איז אַ וואונק. אַ פֿאַרזוך פֿון יענעם העכער גליק, וועלכער עס וואַרט אונז דאָרט אויפֿן הימל און וועלכן מיר ווילן איינאָרדענען דאָ, אויף דער ערד. דאָס וועט איך אויסהיילן פֿון ליידיג-גייעריי. יעדער ערלעכער מענטש פֿאַר-שטייט, אַז פֿאַר יעדע שעה גליק דאָ, אויף דער ערד, איז ער מחויב צו באַצאָלן דעם הימל מיט ערלעכע, פֿאַר זיך אונטצלי-כע, אָנגעשטרייגטע אַרבעט פֿון לייטנס וועגן. ווען מיר זיינען גליקלעך, האָבן מיר קיין רעכט ניט צו געניסן פֿון דעם, ניט

לאָנדאָן אַ צווייטן איך צו געניסן, אַזוי ווי מיר האָבן קיין רעכט ניט אויסצובריינגען רייכקייט, ניט באַשאַפנדיג עס! זוכט זיך אויס אַ פרוי, ווי מיין קאַנדידאַ, וועט איר שטענדיג זיין אַ בעל חוב חי הימלען... . (ער קלאַפּט לעקסי איבערן פּלייצע און וויל אַוועק. לעקסי שטעלט אים פלוצלונג אָפּ).

לעקסי: אַך, יאָ. וואַרט אַ ווײַלע. כ'האָב גאָר פאַרגעסן. (מאָרעל בלייבט שטיין האַלטנדיג זיך טאַרן הענטל פון טיר, קוקט אָן לעקסי) געקומען אַייער שווער. ער וויל זיך מיט אײַך זעהן. (מאָרעל פאַרמאַכט די טיר. אין גאַנצן זיך געביטן).

מאָרעל: (פאַרוואונדערט, קענטיג אונצופרידן) מיסטער באָרדזשעס?

לעקסי: יאָ. איך האָב אים געטראָפן אין פּאַרק, אַמפּערנדיג זיך מיט איינעם. ער האָט זיך מיט מיר געגריסט און געבעטן זאָגן אײַך, אַז ער וועט קומען.

מאָרעל: (פאַרחלעכטיג) ער גייט דאָך צו אונז ניט שוין עטליכע יאָר... איר זייט איבערציינגט אין דעם, וואָס איר רעט? איר שפּאַסט ניט, לעקסי, ניין?

לעקסי: ניין, סער, דאָס איז ריכטיג.

מאָרעל: (פאַרטראַכטנדיג זיך) הם!... ער מיינט אַפּנים, אַז עס איז שוין צייט נאָך אַמאָל אַ קוק טאָן אויף קאַנדידען, בעפאָר זי אינגאַנצן צו פאַרגעסן. (ער גיט זיך אונטער דער אונפאַרמײַדליכקייט און גייט אַרויס. לעקסי קוקט אים נאָך מיט אַ נאַריש-צופרידענעם פּנים. מיט גאַרנעט וואַרפט זיך מיט אומפּעט אויפן שרייב-מאַשין, וועלנדיג מיטן שטאַרקן קלאַפּן איבער די קלאַווישן, פאַרטויבן אירע געפילן).

לעקסי: וואָס פאַר אַ זעלטענער מענטש! ס'אַראַ ערהויבענע, ליבנספולע נשמה! (ער זעצט זיך אויף מאָרעלס פּלאַץ, מאַכט זיך באַקוועם און נעמט אַרויס אַ פּאַפּיראָס).

פּראָזערפּ. (נעמט אַרויס פון מאַשין דעם אָנגעשריבענעם בריוו, לייגט אים צוניף, אונגעדולדיג) אַ מענטש דאַרף שטאַרק ליב האָבן זיין פרוי, אָבער אַזוי, אַז די דאָזיקע ליבע זאָל אים ניט מאַכן נאַריש קעגן איר...

לעקסי: (שאָקירט) אָך, מיס פּראָססי!

פּראָזערפּ. (הויבט זיך שנעל אויף, גייט צום אַלמער, נעמט אַ קאָנווערט, לייגט דעם בריוו אין קאָנווערט און רעדט אונגעדולדיג) קאַנחידאַ דאָ, קאַנדידאַ דאָרט, אומעטום און כסדר קאַנדידאַ!...

(באַנעצט די ברעגן פֿון קאָנווערט) אַזוי קען מען אַרויספֿירן פֿון געדולד וועמען איר ווילט! (קלאַפּט איבערן קאָנווערט, פֿאַר־קלעפּנדיג אים) יעדן טאָג זעהן און הערן ווי אַ מענטש ווערט משוגע פֿון אַ גאַנץ געוויינליכע פרוי נאָר דערפֿאַר, וואָס בײַ איר איז שיינע האָר און אַ נישקשה׳דיגע פֿיגור!

לעקסי: (מיט אַ שווערן פֿאַרוואורף) מיר ווייַזט זי אויס פֿאַר זייער אַ שיינע, מיט גאַרנעט. (ער נעמט פֿון טיש איר בילד, קוקט, און גיט צו נאָך שטאַרקער) זייער אַ שיינע! וואָס פֿאַר אַ רייצנדע אויגן זי פֿאַרמאָגט!

פראָזערפּ. אירע אויגן זיינען אַ דאָר ניט שענער פֿאַר מײַנע, — אָט איז אייך, אויב איר ווילט וויסן! (לעקסי לייגט אַוועק דאָס בילד און קוקט שטרייננג אויף פּראָזערפינאַ) און פֿינדעסטוועגן האַלט איר מיך פֿאַר אַ גאַנץ געוויינליכע און ניט אינטערעסאַנטע.

לעקסי: (הויבט זיך אויף, שטאָלץ) גאָט זאָל מיך באַשיצן פֿון אַזעלכע געדאַנקען וועגן וועלכע ניט איז פֿון גאָט׳ס באַשעפעניש: (מיט אַ הײַלמוטיג־הדייכטן פנים גייט ער צום ביכער־שראַנק).

פראָזערפּ. (סאַרקאַסטיש) איך דאַנק אייך. זייער ליב געזאָגט און דאָס פֿרייט מיך זייער.

לעקסי: (ברוגז׳דיג פֿאַר איר שאַרפקייט) עס איז מיר גאָר ניט אײַנ־געפֿאַלן, אַז איר האָט עפּעס קעגן מיסטרעס מאָרעל.

פראָזערפּ. (טיפֿגעבראַכט) איך האָב קיין זאַך נישט קעגן איר. זי איז זייער אַ ליבע און דאַרציגע פֿרוי. איך האָב איר זייער ליב און קען שעצן אירע מעלות פֿיל בעסער פון חעם בעסטן מאַנסביל. (לעקסי הדייט מיטן קאָפּ באַדויערנד, און זוכט אין שראַנק אַ בוך. זי גייט צו צו אים און זעצט פֿאָר מיט גיפט) איר גלויבט מיר נישט? (ער קערט זיך אום צו איר, זי באַדאָנקט אים מיט אַ נאָך מער ענערגי׳שן מאמר) איר מיינט, אַז איך בין איפֿערזיכטיג? אַך, ס׳אַראַ טיפֿער הארצן־ווייסער איר זייט, מיסטער לעקסי מיל! ווי גוט איר זייט באַהאַוונט אין די ווייַבערשע שוואַכקייטן, — ניט אמת? אַך, ווי אַנגענעם עס מוז זיין צו זיין אַ מאַנספּאַר־שוין מיט אַ הינעם טיף אַרייַנדרינגענדן שכל, אָנשטאָט לויטער געפֿילן, וועלכע מיר, פרויען, באַזיצן! הדריבער ווייסט איר מאַקע, אַז דער איינציגער טעם פֿאַרוואָס מיר זיינען ניט שטענ־דיג מסכים מיט אַייערע ליבע אילוזיעס, איז דאָס, וואָס אַלע

פֿרויען זײַנען שטענדיג איפּערזיכטיג אײנע צו דער צװײטער! (אויפגערעגט גייט זי אָפּ פֿון אים צום קאַמין אָנװאַרעמען די הענט).

**לעקסי:** אַך, װען איר פֿרויען, האָלט געהאַט אַ שליסל צו מענערשע שטאַרקײַט, אַזוי װי איר האָט עס צו זײַנע שװאַכקײַטן, — װאָלט קײַן פֿרויען־פֿראַגע מער ניט עקזיסטירט.

**פּראָזערפּ.** (שטייט בײַם קאַמין, רעט צו אים איבערן פּלייצע) װאָס און װען האָט עס מאָרעל געזאָגט? איר אַליין האָט זיך ניט הערטראַכט צו דעם, — איר זײַט װייניג שאַרפֿזיניג דערויף.

**לעקסי:** זייער ריכטיג. איך שעם מיך גאָר ניט מודה צו זײַן, אַז איך האָב עס גענומען בײַ אים, אַזוי װי איך האָב בײַ אים גענומען נאָך פֿיל מאָראַלישע אמתן, פֿאַר װעלכע איך בין אים זייער דאַנקבאַר. ער האָט עס געזאָגט איינמאָל יאָר־טאָג פֿון דער פֿרויען־פֿעדעראַציע. ערלויבט מיר נאָך צוגעבן, אַז װאָרט האָט מען דעם געדאַנק ניט געהעריג אָפּגעשאַצט און איך, ניט קוקענדיג דערויף װאָס איך בין אַ מאַנסביל, — האָב עס יאָ אָפּגעשאַצט. (ער קערט זיך װידער אום צום שראַנק, מיינענדיג, אַז מיט די לעצטע װערטער האָט ער אין גאַנצן צו נישט געמאַכט פּראָזערפּינען).

**פּראָזערפּ.** (ברייננגט אין אָרדנונג די האָר קעגן קאַמין־שפּיגל) זייער שיין. נאָר בשעת איר רעט מיט מיר, בעט איך אײַך, צו מיטטיילן נאָר אײַערע אייגענע געדאַנקען, װעלכע זיי זײַנען, — ס׳אַראַגה — אָבער ניט זײַנע. קיינמאָל זעט איר ניט אויס אַזוי בעדויערליך, װי דאַן, װען איר מאַטערט זיך אים נאָכמאַכן.

**לעקסי:** (באַליידיגט־אויפגערעגט) איך מאַך אים ניט נאָך, נאָר איך באַמיה מיך צו גיין אין זײַן װעג.

**פּראָזערפּ.** (גייענדיג צוריק צו דער אַרבעט, נעבן לעקסי) ניין, ניין! איר מאַכט אים בפירוש נאָך. פֿאַרװאָס טראָגט איר דעם שירם אונטערן אָרעם און ניט אין האַנט, װי אַלע מענטשן טראָגן? פֿאַרװאָס, אַז איר גייט אין גאַס שטרייכט איר אַזוי ענערגיש אָן אײַער פּנים, װי איר װאָלט געװען גאָט װייס װי שרעקליך פֿאַרדאגה׳ט און לויפֿט אַזוי, װי איר װאָלט זיך אײַלן ערגעץ? איר! אַ מענטש, װעלכער קען זיך פֿון בעט ניט אויפֿהויבן פֿריער פֿון האַלב צעהן! פֿאַרװאָס, בשעת איר רעט אין קירכע ציט איר אַזוי די װערטער, הגם בכלל רעט איר אַזוי װי אַלע מענטשן רײדן? עך! איר מיינט, איך זע עס אַלץ ניט? (גייט

צום מאַשינקע) נו, אָט וואָס, גייט און זעצט זיך צו דער אַרבעט. מיר האָבן שוין היינט געניג צייט פאַרצערט. אָט איז די קאָפּיע פון היינטיגן סדר היום (זי גיט אים אַ צעטעלע, דעם סדר היום).

לעקסי: (דייער באַליידיגט) אַ שיין דאַנק אייך! (ער נעמט דאָס צעטעלע, גייט צום טיש און לייענט אָפּקערנדיג זיך פון איר. די שרייבט, ניט קוקנדיג לגמרי אויף אים און זיין צושטאַנד. עס קומט אַריין, ניט געמאָלדענערהייד, מיסטער באָרדושעס. ער איז אַלט אַ יאָר זעכציג. קליין קרעמערײַ, וועלכע פאָדערט אָנגעשטריינגטע אַרבעט און קאַמף פאַר עקזיסטענץ, האָט אים געמאַכט גראָב און קאַרג. אַז די צייט איז אים אַן עָ׳ בעכער האָט ער זיך צושטאָפּט, געוואָרן גוטמוטיגער און איז פאַרהאַנדלט געוואָרן אין אַ טעמפּן צבֿועק. ער איז וואולגאַר, אַ זולל וסובֿא און אַ ביטערער עם הארץ. מיט מענטשן, וועלכע פאַרמעגן ווייניג, באַגייט ער זיך ניט אַרטיק ביז באַליידיגונג, הגם אָן רשעות. ער האָט זייער ליב און גיט אָפּ כּבֿוד רייכע לייט און מיוחסים, הגם ער איז ניט קיין בעל קנאה, און מיט אַלעמען איז ער אויפריכטיג. צוליב זיין טעמפּקייט האָט ער קיין גרויסע, אינטערעסאַנטע געשעפטן ניט געפינען און האָט זיך געמוטשעט פאַר ניט נאָר צולטיגע עסקים. אַזאַ אַרט לעבן האָט אויף אים געלייגט אַ געוויסן שטעמפּל פון פאַרדאָרבענע טהירישקייט, נאָר ער אַליין שפירט עס ניט; ער מיינט, אַז זיין טעטיגקייט איז ניט נאָר אַ ריינע, נאָר אַ מוסטערהאַפטע, וועלכע פאַרדינט נאָכמאַכונג, און אַז זיינע גוטע געשעפטן זיינען אַ סך הכּל פון זיינע פייאיגקייטן און ענערגיע. ער אַליין רעכנט זיך פאַר אַ גוטהאַרציגן, אַ נוח לבריות, אַ פריילעכן מאַן, וועלכער האָט אַפילו ליב אַמאָל אַ שטיף טאָן. ער איז אַ דיקער, מיט אַ צושוואָמענע פיגור, מיט אַ טעמפּן נאָז אויפן פירעקיגן פּנים. אַ באָרד פון שטויב־פאַרב מיט אַ גראָהען שטיק אין מיטן. קליינע וואַסערדיגע אויגן — קוקן טרויעריג־סענטימענטאַל. די שטים אויך אַזאַ. ער באַהערשט זייער גוט די דאָזיגע שטימע טענער זיינע, איבערהויפּט ווען ער הויבט אָן צו ריידן מיט פּאַטאָס, בתורת מליצה).

באָרדוש. (שטעלט זיך אָפּ ביים שוועל און קוקט זיך אַרום) און מיר האָט מען געזאָגט, אַז מיסטער מאָרעל איז דאָ.

פּראָזוראָוו. (אויפשטייענדיג) ער איז אויבן. איך וועל אים אַראָפּבעטן צו אייך.

**באַרדזש.** (קוקט איר אָן ברוטאַל) זאָגט נאָר, איר ווייסט ניט די פריילן, וועלכע פלעגט שרייבן איפן מאַשינקע פון מאָרעלס וועגן?

**פּראָזערפּ.** ניין.

**באַרדזש.** (מסכים) אמת טאַקע, יענע איז געווען איינגער (מיט גאַר־נעט קוקט אים אָן און גייט אַרויס גאוהדיק. דאָס באַרירט לחלוטין נישט באַרדזשעסן, ער גייט צום קאַמין און וואַרימט זיך) איר לאָזט זיך אויף דער אַרבעט, מיסטער לעקסי?

**לעקסי:** (נעמט צונויף די פּאַפּירן און לייגט זיי אַריין אין קעשענע) יאָ, איך דאַרף גלייך גיין.

**באַרדזש.** (בעדייטנד) ערלויבט מיר ניט פאַרהאַלטן אייך. איך בין גע־קומען אַהער צוליב פּריוואַטע זאַכן, וועלכע זיינען נוגע נאָר מיר און מיסטער מאָרעל.

**לעקסי:** (אויפגעבראַכט) זייט רוהיג, מיסטער באַרדזשעס, — מיר אינ־טערעסירט עס לחלוטין ניט. האָט אייך אַ גוטן...

**באַרדזש.** (מיט אַ באַשיצונגס־טאָן) האָט אייך אויך אַ גוטן. (אין דעם מאָמענט ווען לעקסי עפנט די טיר, גייט אַריין מאָרעל).

**מאָרעל:** (צו לעקסי) איר גייט אויף דער אַרבעט?

**לעקסי:** יאָ, סער.

**מאָרעל:** (קלאַפּט אים צערטלעך איבערן פּלייצע) טוט אָן מיין זיידן טיכל איפן האַלז. היינט איז אַ קאַלטער וועטער. נו, גייט. (לעקסי, אַ צופרידענער פון מאָרעלס באַגיין זיך, נאָך באַרדזשעס ברוטאַלקייט, גייט אַוועק מלא שמחה).

**באַרדזש.** איר מאַכט נאָך אַלץ קאַלוע, דזשעמס, אייערע אָנגעשטעלטע, לויט אייער אַלטן שטייגער. גוט מאָרגן! אַז איך צאָל אַ מענטשן שכירות און ער איז אָפּהענגיק פון מיר, — האַלט איך אים אויף זיין געהעריגן אָרט.

**מאָרעל:** (רייסט איבער) מיינע אָנגעשטעלטע, וועלכע איך באַרעכן פאַר מיינע געהילף־לייט, — זיינען שטענדיק אויף זייער געהעריגן פּלאַץ. איב אייערע אָנגעשטעלטע אַרבעטן פאַר אייך ווי מיינע געהילפס־לייט פאַר מיר, — דאַרפט איר גאָר אין קורצן ווערן אַ גרויסער גביר. אָט איז אייער אַלטער פאָטעל, — זיצט.
(מיט אַ קורצע און שאַרפע באַוועגונג ווייזט ער אים אָן אויף אַ פאָטעל ביים קאַמין, דערנאָך נעמט ער אַ שטול פון ברעג טיש און זעצט זיך דערווייטערט פון באַרדזשעסן).

באַרחוש. (רירט זיך נישט פֿון אָרט) און איר, הושעמס, זייט לחלוטין אַזאַ חי געווען...

מאָרעל: אַז איר זייט געווען בײַ מיר צום לעצטן מאָל מיט אַ יאָר דרײַ צוריק, דוכט זיך, האָט איר מיר געזאָגט פּונקט דאָס זעלבע, נאָר אַ ביסל אָפֿנהאַרציגער. בוכשטעבלעך האָט איר דאַן געזאָגט אַזוי: „און איר, חושעמס, זייט אַליין אַזאַ מטורף ווי שטענדיק".

באַרחוש. (מיט אַ פֿריילעכן טאָן) מילא, מקען זײַן, אַז איך האָב טאַקע אַזוי געזאָגט, נאָר איך האָב ניט געמיינט, אַז דאָס קען אײַך באַליידיקן. (פֿריילעך, דייער אויפֿגעלייגט) איר ווייסט, — יעדער גלח דאַרף זײַן אַ ביסל אַ מטורף, אַזוי פֿירט זיך עס שוין. דאָס איז אַזאַ באַשעפֿטיגונג, בײַ וועלכע — דו ווילסט איך ניט געקומען כדי צו דערמאָנען די אַלטע קריגערײַען, גאָר אָדער ניט — נאָר דו מוזט נאַריש ווערן. נו, איך שהיא בין פֿאַרקערט, כדי צו פֿאַרגעסן עס. (פלוצלונג גייט ער צו פֿײַערליך צו מאָרעלן) הושעמס, מיט דרײַ יאָר צוריק האָט איר זיך מיט מיר בעגאַנגען זייער שלעכט. צוליב אײַך האָב איך פֿאַרלאָרן אַ אונטערנעמונג און אַז איך האָב זיך, אַזוי פֿאַרשטענדלעך, אַ ביסל אויסגעוויהלט, האָט איר תיכף אויפֿגערוגזט קעגן מיר מײַן טאָכטער. נו, מילא! (גיט מאָרעלן די האַנט) איך בין אײַך מוחל, הושעמס.

מאָרעל: (שפּרינגט אויף) וואָס פֿאַר אַ ווילדע, טײַוולשע חוצפּא!

באַרחוש. (טרעט אָפּ פֿאַרוואונדערט פֿון אַזאַ באַנעמונג, טרויעריג, כמעט תחנונים׳דיג) הושעמס, היתכן, אַ פּאַסטאָר זאָל ריידן מיט אַזאַ שפּראַך? אפֿשיטא שוין איר, אַזאַ אויסקלײַבער אויף ווערטער.

מאָרעל: (הייס) ניין, סער, אַ פּאַסטאָר האָט בעדאַרפֿט אַנדערש זאָגן, איך האָב דאָך ניט ווי געהעריג אויסגעדריקט, איך האָב בעדאַרפֿט זאָגן: זייט פֿאַרפֿלוכט פֿאַר אײַער חוצפּא. אַפּאָסטאָל פּאַולוס, און בכלל יעדער ערליכער גײַסטליכער וואָלט אויך אַזוי געזאָגט. איר מיינט, אַז איך האָב פֿאַרגעסן, וואָס פֿאַר אַ פֿערטראַג איר האָט אָנגעשריבן, ווען איר האָט געוואָלט נעמען די באַשטעלונג אויף קליידער פֿאַרן אַרבעטער הויז?

באַרחוש. (ווי געשטויסן דורך אַ געפֿיל פֿון אַ כלל־טוער) איך האָב געטאָן לטובת די צינזן־צאָלער, הושעמס. מײַן פֿערטראַג איז געווען דער ביליגסטער פֿאַר אַלע, דאָס קענט איר ניט אָפּלייקענען

**מאַרעל:** בילינער פאַר אַלע, ווײַל בײַ קיין אונטערנעמער צאָלט מען ניט פאַר אַרבעט אַזוי ווייניג ווי בײַ אײַך. מענטשן אַרבעטן בײַ אײַך פאַר גראָשנס, איבערהויפּט נייטאָרנס; זיי צאָלט איר ערגער ווי בעטלער. איר, אײַערע שיינע שכירות שטויסט עס זיי אַרויס אויפן גאַס פאַרקויפן זיך, כּדי די נשמה דערהאַלטן, כּדי פון הונגער ניט אויסגיין. (אַלץ מער און מער כּעס'דיג). דאָס זײַנען אַלץ געווען פרויען פון מײַן פאַראַכוויע. איך האָב איבערצײַגט די פערזאָרגער און משגיחים פון אַרבעטער-הויז, אַז עס איז אַ חרפּה אָנצונעמען אײַער פאָרשלאַג; איך האָב אָנגעוויזן די צינזן-צאָלער, אַז עס איז געוויסן-לאָז צו ערלויבן דער פאַרוואַלטונג צו געבן אַרבעט אויף אַזעלכע באַדינגונגען. בקיצור, איך האָב אַלעמען איבערצײַגט, נאָר ניט אײַך. (אויסערזיך) ווי האָט איר גאָר אַ העזה, סער, נאָך דעם צו קומען אַהער פאַרלאַנגען מיר אײַער מחילה, ריידן וועגן אײַער טאָכטער...

**באַרדזש:** לײַכטער, רושעמס, שטילער, רוהיגער! ניט כּדאי זיך אויפרעגן צוליב קליינינקייטן. איך האָב זיך דאָך מודה געווען, אַז איך האָב דאָן בעגאַנגען אַ פעלער....

**מאַרעל:** (אויפגעבראַכט) טאַקע, באמת אַזוי? עפּעס האָב איך ניט געהערט פון דעם.

**באַרדזש:** איך זאָג אײַך, אַז יאָ. איך בין זיך איצט איך מודה. סוף כּל סוף, איר הערט? — בעט איך אײַך מחילה פאַרן בריוו, וואָס איך האָב אײַך דאַן געשיקט. גענוג פאַר אײַך?

**מאַרעל:** (אַ קנאַק מיט די פינגער) · דאָס איז אַ קלייניגקייט. צי האָט איר אָבער געהעכערט שכירות די אַרבעטער?

**באַרדזש:** (מיט אַ זיגערישן טאָן) יאָ.

**מאַרעל:** (בלײַבט שטיין ווי צוגעשמידט) וואָס?

**באַרדזש:** (צבועקיש) איך בין איצט געוואָרן אַ מוסטערהאַפטער בעל-הבית. פרויען אַרבעטן שוין נישט מער בײַ מיר, — אונבאַוועגליך זײַנען זיי. אַלץ אַרבעט די מאַשין. קיין איין אַרבעטער באַקומט בײַ מיר ניט ווייניגער פון זעקס פענס אַ שעה, און די מער פלײַסיגע צאָל איך לויט דעם טרעד-אוניאָנער טאַריף. (מיט שטאָלץ) נו, וואָס וועט איר איצט זאָגן?

**מאַרעל:** (אין גאַנצן ערשיטערט) אַזוי גאָר! וואָס רעט איר? יאָ, יאָ!.... טאָ זײַט וויסן, אַז דאָרט אויף די הימלען איז אַ בעל תשובה חשובער ווי אַ צדיק (פאַרשעמט פאַר זײַנע זלזולים). מײַן

טײַערער באָרדושעס, פֿון גאַנצן האַרצן בעט איך אײַך פֿאַרגעבן מיר דאָס, װאָס איך האָב שלעכטס געטראַכט װעגן אײַך. (דריקט אים די האַנט) און איצט זאָגט אַלײן — איז אײַך דען ניט בעסער איצט, נאָך אַזאַ ענדערונג? נו, נו — זײַט זיך מודה,— איר פֿילט דאָך זיך איצט פֿיל גליקליכער, ניט אמת? איר זעט אַפֿילו אױס װי אַ מער גליקליכער.

באָרדוש. (פֿאַרטומעלט) כ׳מײן, אפשר, סקען זײַן. װיבאַלד אַז איר זעט עס, — מסתּמא איז עס אַזױ באמת. אַלענפֿאַלס, איצט נעמט שױן דער פּראָװינציאַלער ראַט אָן מײַנע פֿאָרשלאַגן. (איפּגערעגט) זײ האָבן מיט מיר קײן מגע ומשא ניט געװאָלט האָבן בײַ איך װעל העכערן מײַנע אַרבעטער די שכירות. דער טײַװל זאָל זײ צונעמען די אַלע פּראַים װאָס שטופּן די נאָז אין פֿרעמדע געשעפֿטן.

מאָרעל: (אינגאַנצן אַ צוריקגעצױגענער דורך די לעצטע װערטער, לאָזט ער זײַן האַנט) אַזױ! אָט פֿאַרװאָס איר האָט געהעכערט אײַערע אַרבעטער די שכירות! (טרױעריג און פֿאַרטראַכט לאָזט ער זיך אַראָפּ אױפֿן שטול).

באָרדוש. (גראָב, אַלײן מער בקול רם) װאָס זשע דען האָב איך געװאָלט טאָן, זאָגט, אדרבה? און װאָס איז דער פּועל יוצא פֿון דעם העכערן שכירות? — די אַרבעטער האָבן נאָך מער אָנגעהױבן שכּורן אין די שענקען,— װײַטער גאַרנישט. (צולײגט זיך אין פֿאָטעל) יאָ, פֿאַר אײַך איז עס, פֿאַרשטײט זיך, אַן עסק. בנוגע דעם, שרײַבט מען װעגן אײַך אין צײַטונגען און אַזױ אַרום װערט איר אַ באַװאוסטער... אַ שאָד נאָר, װאָס איר האָט קײנמאָל ניט אַ טראַכט געטאָן װעגן דעם פֿאַרברעכן, װעלכן איר באַגײט מיטן צונעמען דאָס געלט בײַ מענטשן, װאָס קאָנען פֿון דײ בריינגען ניצן. און שױן עס אַרײַן אין די קעשענעס פֿון אַרבעטער, װעלכע װײסן לחלוטין ניט װאָס מיטן געלט צו טאָן.

מאָרעל: (קוקט אים אָן מיט אַ שװער געמיט און רעדט מיט אָפּיציעלן רעספּעקט) זאָגט מיר, איך בעט אײַך, װעגן װאָס פֿאַר אַן ענין זײַט איר הײַנט אַראָפּגעקומען צו מיר? איך שטעל מיר ניט פֿאָר, אַז קרובֿ׳עשאַפֿט האָט אײַך געבראַכט אַהער...

באָרדוש. (אײַנגעשפּאַרט) און דאָך איז עס אַזױ. טאַקע קרובֿ׳עשאַפֿט און ניט קײן אַנדער זאַך.

מאָרעל: (קאַלט. מיד) איך גלויב אײַך נישט.
(איגנאָרירענדיג זײַן דראָהען) איך וועל עס איבערחזרן אַזוי לאַנג, ביז איר וועט זיך איבערצײַגן, אַז איך גלויב אײַך באמת ניט. איך גלויב אײַך נישט!

באָרדזש. (ווי באַליידיגט) נו, מילא, נישט צו מאַכן; אויב איר ווילט ניט אַנדערש ווי בלײַבן אין פֿײַנדשאַפֿט מיט מיר, איז, דוכט זיך, ווירקליך גלײַכער אַוועקגיין פֿון דאַנען. (מיט ניט זיכערע טריט פּרובט ער גיין צום טיר. מאָרעל שטעלט אים ניט אָפּ, — שטעלט ער זיך אָפּ אַליין) איך האָב ניט גערעכנט, מאָרעל, אַז איר זאָלט זײַן אַזאַ נוקם ונוטר. (מאָרעל ענטפֿערט ניט; ער מאַכט נאָך עטליכע טריט צום טיר, קערט זיך אום און רעדט ווי וויינענדיג) מיר האָבן געקענט בלײַבן בײַ די בעסטע באַציאונגען, ניט קוקנדיג אויף די פֿאַרשיידנקײַט פֿון אונזערע אָנשויאונגען. נו, זאָגט, פֿאַרוואָס האָט איר זיך אַזוי איבערגעביטן צו מיר? איך גיב אײַך מײַן עהרן־וואָרט, אַז איך בין געקומען צו אײַך מיט די בעסטע פֿרײַנדליכע געפילן. איך וויל ניט זײַן אין שלעכטע באַציאונגען מיטן מאַן פֿון מײַן טאָכטער. וואַרפֿט עס, דזשעמס, זײַט אַ כריסטום־מענש און לאָמיר געבן איינער דעם צווייטן די הענט (ער בלײַבט שטיין און לייגט זײַן האַנט מאָרעלן אויפֿן פּלייצע).

מאָרעל: (קוקט אויף אים אײַנגעטראַכט) הערט זיך אײַן, באָרדזשעס, איר ווילט מען זאָל אײַך דאָ צונעמען אַזוי גוט ווי מען האָט אײַך צוגענומען פֿריער, איידער דער ראַט האָט אײַך אָפּגעזאָגט פֿון באַשטעלונג?

באָרדזש. איך וויל, דזשעמס, בנאמנות איך וויל.

מאָרעל: טאָ פֿאַרוואָס פֿירט איר זיך ניט אויף אַזוי, ווי איר האָט זיך פֿריער אויפֿגעפֿירט?

באָרדזש. (נעמט אַראָפּ פֿאָרזיכטיג די האַנט פֿון מאָרעלן) דאָס הייסט... וואָס הייסט עס?...

מאָרעל: גוט, איך וועל אײַך ערקלערן. דאַן האָט איר אין מיר געזעהן נאָר אַ יונגן מטורף און נאַר....

באָרדזש. (מיט אַ תחנונים קול) ניין, איך האָב עס ניט געטראַכט וועגן אײַך, איך האָב געמיינט...

מאָרעל: (רײַסט איבער, שאַרף) נאָר אַזוי האָט איר געטראַכט, ניט אַנדערש. און איך, זעט איר, האָב אײַך אַלע מאָל געהאַלטן פֿאַר אַיין אַלטן אויסוואורף.

**באַרדוש.** (בעמיהט זיך אָפּצוּליקענען דו, לויט זײַן מיינונג, אויסגעטראַכ־טע זאַכן) איר האָט אַזוינס ניט געטראַכט, דזשעמס, ניין. איר רעט פּשוט אַליין אויף זיך לשון הרע.

**מאָרעל:** ניין, איך האָב יאָ אַזוינס געטראַכט, נאָר דאָס האָט מיר ניט געשטערט צו זײַן מיט אײַך אין גוטע באַציאונגען. דאָס האָט גאָט באַשאַפן אײַך אַזאַ, וועלכן איך רוף אָן — אויסוואורף, און מיך האָט ער באַשאַפן אַזאַ, וועלכן איר רופט אָן — מטורף (באַר־דזשעס איז איבערראַשט פון דעם שמועס; ער איז אַראָפּגעפאַלן בײַ זיך און קוקנדיג אויף מאָרעלן, מאַכט ער אויף די הענט אַזוי ווי ער וואָלט וועלן באַהאַלטן דאָס גלייַכגעוויכט, ווײַל ער האָט פאַרלאָרן דעם באָדן פון אונטער די פיס. מאָרעל זעצט פאָר, ניט קוקנדיג אויף זײַן צושטאַנד), ניט וועגן איינס, ניט וועגן דאָס צווייטע וועל איך מיט גאָט ויכוחים פירן, — דאָס אַליין איז זײַן זאַך. און אַזוי לאַנג, ווי איר קומט אַהער ווי אַן ערליכער, איבערצײַגטער, זעלבסטווירדיגער אויסוואורף, ניט שפּירנדיג קיין שולד אויף זיך און אפשר נאָך שטאָלצירנדיג מיט אײַער געמיינהײַט, — איז אַדרבה, קומט. נאָר (זײַן שטים ווערט דראָהענד, ער שטייט אויף און קלאַפּט איבערן שטול) איך וויל ניט קוקן, ווי איר טענה'ט דאָ ווי אַ קלאָג־מוטער, און ווי איר שפּילט אַ ראָל פון אַ גוטן בעל הבית, אַ בעל תשובה, און העט צײַט, ווען דאָס אַלץ טוט זיך נאָר כדי צו באַקומען פון פראָווינציאַלן ראַט אַ באַשטעלונג. (ער באַשטעטיגט דאָס געזאָגטע מיט אַ שאָקל חעם קאָפּ. ער גייט צום קאַמין און שטעלט זיך מיטן פּלייצע צום פייער) ניין, איך האָב ליב מענטשן, וועלכע זײַנען ערליך און אויפריכטיג צו זיך אַפילו אין זייערע פאַרברעכערישע מעשים. איצט בעט איך אײַך — אָדער נעמט אײַער הוט און גייט פון דאַנען, אָדער זעצט אײַך און ערקלערט מיר אויף וואָס דאַרפט איר מײַן פרײַנדשאַפט? (באַרדזשעס, וועלכער געפינט זיך צוליב דעם שמועס, אין פערלעגנהײַט, ווערט גרינגער דער אויסזעג. ער טראַכט אַן אייגן־בליק, דערנאָך זעצט ער זיך בעשיידן אויפן שטול, אויף וועלכן מאָרעל איז געזעסן). אָט אַזוי, פאַרשטיי איך. ט, אַרויס מיט שפּראַך.

**באַרדוש.** (לאַכט מיט אַ נעמאַכט געלעכטער) יאָ, איר זײַט אַ גרויסער אָריגינאַל, מאָרעל, דאָס איז אמת, נאָר (כמעט מיט בעגײַסטערונג) וואָלענס־נאָלענס קומט אויס אײַך ליב צו האָבן.

(ער גרייט זיך צו אַ לאַנגן שמועס, און קאָקעטיש אויף מאָרעלן רעט ער ווייטער ערנסט) עס העלפֿט ניט, אויב איר ווילט, אַז מיר זאָלן זײַן, ניט אַנדערש, אָפֿנהערציק צווישן זיך, בין איך זיך מודה, אַז איך האָב אײַך טאַקע געהאַלטן פֿאַר אַ שטיקל מטורף. נאָר איך הויב אָן טראַכטן, אַז אפֿשר בין איך אָפּגעשטאַנען פֿון דער צײַט.

מאָרעל: (זיגעריש) אַהאַ! איר האָט עס סוף כּל סוף פֿאַרשטאַנען?

באָרדזש. יאָ, צײַטן בײַטן זיך מער ווי איך האָב זיך עס פֿאָרגעשטעלט. מיט פֿינף יאָר צוריק, וואָלט קײַן קלוגן מענטשן ניט אײַנגעפֿאַלן צו רעכענען זיך מיט אײַערע אידייען. מיך האָט אַפֿילו געחידושט, וואָס מען האָט אײַך ביז איצט ניט געמאַכט פֿאַר אַ פּאַסטאָר. איך געדענק, למשל, ווי דער לאָנדאָנער יעפּיסקאָפּ האָט באַזײַטיקט אַ פּאַסטאָר פֿון זײַן פּאַראַכיע אויף אַ גאַנצן יאָר, הגם דער פּאַסטאָר איז געווען פֿרום אויף אַ האָר ניט ווייניקער פֿון אײַך. נו, און אַז איצט וואָלט עמיץ וועלן וועטן זיך מיט מיר אויף טויזנט פֿונט, אַז איר אַליין וועט ניט זײַן קײַן יעפּיסקאָפּ, — וואָלט איך זיך ניט וועטן: (זייער דיגיטליך) איר און אײַער קאָמפּאַניע באַקומען שוין אַ ווירקונג. ניט באַמערקן דאָס קען איך ניט. ווען עס איז וועט מען אײַך גאַנץ געווייטיק געבן נאָר דערפֿאַר, איר זאָלט האַלטן ס׳מויל... סוף כּל סוף האָט איר אַ גוטן חוש, הערשעמס. דער וועג, מיט וועלכן איר זײַט אַוועק, איז, בײַ אַ געוויסע אײַנגעשפּאַרטקײַט, אַ גאָלדן וועג פֿאַר אַזאַ מענטש, ווי איר.

מאָרעל: (ניט אום ענטשלאָסן די האַנט) איך דריק אײַער האַנט, באָרדזשעס. אָט דאָס איז ערלעכע דבורים. איך האַלט ניט מען זאָל מיך באַשטימען אַלס יעפּיסקאָפּ, נאָר אויב דאָס וועט ווען עס איז יאָ פּאַסירן, וועל איך אײַך האָן פֿאָרשטעלן אַלע גרעסטע קאָמערסאַנטן, וועלכע ס׳וועלן נאָר זײַן בײַ מיר צו די אָפֿיציעלע מיטאָגן.

באָרדזש. (שטייט אויף, שמייכלט פֿאָרזיכטיק און דריקט פֿרײַנדליך מאָרעלן די האַנט) איר קענט נישט אָן וויצן, דזשעמס. הייסט עס, אונזער קריג איז געענדיגט, יאָ?

אַפּרויען שטים: זאָג יאָ, דזשעמס.

(דערשראָקן, קערן זיי זיך ביידע אום און דערזעען די נאָר וואָס אַרײַנגעקומענע קאַנדידאַ. זי קוקט זיי אָן מיט צאַרטע, מוטערלעכע בליקן. אַזוי זעט בכלל אויס איר פּנים. זי איז אַלט

33 יאָר. די איז שיין געבויט, אַ מעסיג הויך, רייצענדע פּרוי. מען קען מיינען, אַז אין גיכן וועט זי שוין אַריבער צו דער מדרגה פון עלטערע פרויען, נאָר הערווייל איז זי אין רעכטן בלוהונגס־גלאַנץ, פול רייץ געמישט פון יוגנט און מוטערליכקייט. דאָס איז אַ פרוי, וועלכע האָט פאַרשטאַנען, אַז זי האָט בכוח צו שאַפן זיך מיט מענטשן ווי איר גלוסט זיך און זי ניצט אוים די מעגליכקייט זייער לייכט און אונבאַוואוסטזיניג, אָן קיינע שום ספיקות. אין דעם זין שיידט זי זיך לחלוטין ניט אָפּ פון די געוויינליכע שיינע ווייבלעך, וועלכע דינען געווג קלוג אויף צו אויסנוצן זייער שיינקייט צוליב געוויינליכע אייגענליבע צוועקן. נאָר דער ליכטיגער שטערן, שטאָלצע דרייסטע אויגן, שיין געשטריכענער מויל, איר גרויסער שכל און די מעלות פון איר נאַטור, — מאַכן קאַנדידעס באַנעמונג אין דעם פאַל אויך פאַר־נעם און אידל. דער ראַפינירטער בעאָבאַכטער, אַ קוק טאָן דיג אויף קאַנדידאַ, וועט באַלד פאַרשטיין, אַז דער וואָס האָט אויפ־געהאַנגען איבערן קאַמין טיציאַנס מאַדאָנע, האָט עס געטאָן דער־פאַר, ווייל צווישן די צוויי פרויען איז דאָ אַ גייסטיגע קרובה־שאַפט. זי קומט אַריין אין אַ הוט און מאַנטיליע. אין האַנט ביי איר — אַ פעקל אילוסטרירטע צייטונגען, אין רימענס איינ־געבונדן אַ פלעד, אַ שירם און רעדיקיול).

מאַרעל: (אַ שאָקירטער דערמיט וואָס ער האָט פאַרגעסן קאַנדידעס קו־מען) קאַנדידאַ! פאַרוואָס... (קוקט אויפן זייגער איז אוי־סער זיך וואָס עס איז אַזוי שפּעט) ליבע מיינע! (אַ פּו־לער פאַרדאָכט וואַרפט ער זיך צו איר און נעמט צו ביי איר דעם פלעד פון האַנט) איך האָב זיך געקליבן באַגעגענען דיך אויפן באַן און האָב דורכגעלאָזן די צייט. (ער וואַרפט אַוועק דאָס פעקל אויפן דיוואַן) דאָס האָט ער מיך אַזוי פאַרדרייט... (גייט צו איר) און איך האָב עס פאַרגעסן! אַך! (ער נעמט איר אַרום מיט אַ געפיל פון חרטה).

באַרדוש: (אַ ביסל אין פערלעגנהייט) וואָס מאַכסטו, קאַנדי? (קאַנ־דידאַ נאָך אין מאַרעלס אָרעמס, שטעלט אויס דעם פאָטער אַ באַק, וועלכע ער קושט) היינט האָבן מיר מיט דושעמסן געקומען צו אַ פאַרגלייכונג צו אַ גענוג ווירדיגע פשרה פאַר אונז ביידן. ניט אמת, דזשעמס?

מאַרעל: (היים) האָט איך אַ גוט יאָר מיט אייער פשרה! איבער איך האָב איך פאַרשפעטיגט באַגעגענען קאַנדידען. (מיט פער־

הראָכ) אָרימע מײַנע, טײַערע, ווי זשע האָסטו זיך אײַנ־
געאָרדנט מיטן באַגאַזש? ווי זשע...

קאַנהידאַ: (שטעלט אים אָפּ און באַפֿרײַט זיך פֿון זײַנע אָרעמס) דאָ, דאָ, דאָ! איך בין דאָך געווען ניט אַליין. בײַ אונז איז געווען עזשען, זײַנען מיר צוזאַמען געפֿאָרן.

מאָרעל: (אַ צופֿרידענער) עזשען!?

קאַנהידאַ: יאָ. ער עסקט זיך האָרט מיט מײַן באַגאַזש. גיי גיכער צו אים, מײַן טײַערער, וואָרום ער וועט נאָך דאָרט באַצאָלן פֿאַרן קעב, און האָב וויל איך ניט. (מאָרעל לויפֿט אַרויס. קאַנדידאַ רעט אין אַ פֿריילעכן, לײַכטן טאָן. לייגט אַוועק העם רעדיקיול, נעמט אַראָפּ פֿון זיך די מאַנטיליע, די הוט און לייגט עס אַוועק אויפֿן דיוואַן נעבן פּלעד) נו, און דו, פּאָטער, ווי איז דאָרט בײַ דיר אין דער היים?

באָרדזש. זינט דו ביסט אַוועק, קאַנדי, לעבט זיך אין דער היים ניט גאָר גוט. וואָלסט כאָטש אַמאָל אַרײַנקומען, מאַכן אַ שטיקל אָרדנונג. ווער איז עס דער עזשען, וואָס איז געקומען מיט דיר?

קאַנהידאַ: אַ, עזשען — דאָס איז איינע פֿון דזשעמס ערפֿינדונגען. ער האָט אים געפֿונען אין פֿערגאַנגענעם יוני מאָנאַט אַ שלאָפֿעדיגן אין האַפֿן. איר האָט ניט באַמערקט אונזער נײַע בילד? (ווײַזט אויף דער מאַהאָגני) דאָס האָט ער אונז געשיינקט.

באָרהזש. (מיט אונצוטרוי) צום טײַוול! און דו דערציילסט עס מיר, דײַן לײַבלעכן פֿאָטער, אַז עפּעס אַ טרעגער, אָדער אַ שלעפּער פֿון האַפֿען איז ביכולת צו קויפֿן אַזאַ בילד? (ערנסט) דו דאַרפֿסט מיך ניט נאַרן, קאַנדי, — דאָס איז דאָך אַ גלענ־צנדער בילד און ס'פֿאַרשטייט זיך, אַז דזשעמס אַליין האָט אים אויסגעקליבן און געקויפֿט.

קאַנדידאַ: האָט איר טאַקע ניט געטראָפֿן. עזשען איז גאָר ניט קיין טרעגער.

באָרהזש. (שפּאָטעריש) טאָ וואָס זשע דען איז ער? אפֿשר וואַקסט ער גאָר פֿון אַהל?

קאַנדידאָ: (שאָקלט צו צופֿרידן מיטן קאָפּ) יאָ! זײַן פֿעטער איז אַ ענג־לישער פּער, אַ אמת'ער לעבעדיגער גראַף!

באָרדזש. (ניט וואַגנדיג גלויבן אַזאַ זאַך) נ—יי—ן!

קאַנהידאַ: יאָ! ווען דזשעמס האָט אים געפֿונען אין האַפֿען, איז בײַ

אים געלעגן אין קעשענע אַ טשעק, אויף וועלכן ער האָט בעדאַרפֿט בעקומען 55 פונט אין אַ וואָך אַרום. ער האָט געמיינט, פֿאַרשטייט איר, אַז פֿאַרן טערמין וועט מען אים קיין געלט ניט געבן, און בעטן לײַען האָט ער ניט געקענט, ווײַל ער איז זייער אַ שעמעוודיגער. אָך, ס'איז אַ ליבער ייִנגל. מיר האָבן אים זייער ליב געקראָגן.

באַרדוש. (זײַנע אויגן זײַנען מלא שמחה, נאָר ער באַמיהט זיך צו בעהײַזן, אַז אין תוך האָט ער די אַריסטאָקראַטן פֿײַנט שנאת מות) המ!... איך בין אין ספֿק צי וואָלט מען קענען פאַרשלעפּן אין וויקטאָריאַ-פּאַרק אַ פּלימעניק פֿון אַ אמת'ן גראַף, אויב ער איז נאָר ניט קיין שוטה... (ער בעטראַכט ווידער דאָס בילד) דאָס בילד איז, פֿאַרשטייט זיך, ניט אין מײַן געשמאַק, נאָר ס'איז, אָן ספֿק, אַ ערשטקלאַסיגע, קינסטלערישע ווערק. האָס זע איך. פֿאַרגעס ניט פֿאָרשטעלן מיך פֿאַר אים, קאַנדי. (נעמט אַרויס דעם זייגער, פֿאַרטראַכט) איך האָב נישט מער ווי צוויי מינוט צײַט.

(מאַריעל קומט אַרײַן מיט עזשענען; וועלכן באַרדושעס קוקט נאָך מיט פֿרייד — ביז טרערן. עזשען איז אַ ביסל אַ מאָדנער, שעמעוודיגער 18 יאָריגער בחור, אַ שלאַנקער, ווײַבליכער מיט אַ ווייכע, כמעט קינדערישע שטימע. אַ אויסגעמאַטערט פּנים — ווי בײַ אַ פֿאַרבאָרגטן מענטשן. זײַנע ניט זיכערע מאַניערן בעהײַזן אויף זײַן קרענקליכע עמפּינדליכקייט, וועלכע ס'איז צו מערקן בײַ ייִנגעלײַט מיט ניט קיין אײַנגעשטעלטע כאַראַקטערן. אַ נישט ענטשלאָסענער, ביז הילפֿלאָזיגקייט — ווייס ער קיינמאָל נישט וואָס צו טאָן מיט זיך, וואו צו שטיין, וואו צו זעצן זיך. דערזעענדיג מיסטער באַרדושעס, האָט ער זיך שוין דערשראָקן און וואָלט מיט פֿאַרגעניגן אַנטלאָפֿן ערגעץ און בלײַבן אַליין, ווען ער וואָלט זיך נאָר קענען באַשליסן אויף דעם. זײַן אויסערגעוויינליכע עמפּינדליכקייט, מיט וועלכע ער שיידט אונטער אַלץ וואָס באַנאַל איז פֿון עטוואָס העכערס, באַשטייט אין דעם, וואָס ער געפֿינט זיך שטענדיג אין אַ געהויבענע נערוועזע שטימונג. זײַן מויל, זײַנע אויגן און נאָז-לעכער שטרײַכן אונטער זײַן אײַגענאַרטיגן און סאַנגווינישן כאַראַקטער, נאָר דער שטערן און די ברעמען בעווײַזן, און דער זעלבער צײַט, אויף אַ אינערליכן טרויער, וועלכער איז ספּעציפֿיש נאָר פֿאַר אים. עפּעס איז אין אים חן אומגעוויינליכעס, כמעט הימלישעס.

געוויינליכע מענטשן רופֿן אָן זיין איבערגעוויינליכקייט — מחלה, — און מער פּאָעטישע מענטשן זעהען אין דעם אַ מין מלאכים צושטאַנד. ער איז געקליידט מיט דער פּרייהייט פֿון אַן אַנאַרכיסט. איין אָפּגעשפּילעטער, בלאָהער, סאַרזשענער רעקל איז אָנגעטאָן אויף אַ וואָלענע לאַאון־טעניס העמדל און אָנשטאָט אַ האַלזטוך איז אויפֿן האַלדז פֿאַרבונדן אַ זיידענע טוך. הייזן אַזעלכע ווי דער רעקל און שיך — ברוינע, אויף שנירלאַך. קענטיג, אַז אין דעם אָנצוג האָט ער זיך געוואַלגערט אויף גראָז און געקראָכן אין וואַסער. קיין בערשטל האָבן זיינע בגדים מסתמא קיינמאָל ניט געזעהן. באַטראַכטנדיג שנעל דעם פֿרעמדן מענטשן, גייט ער אַוועק פֿאָרזיכטיג, דאָרט נעבן וואַנט, אין צווייטן עק צימער).

**מאָרעל:** (אַריינגייענדיג תיכף) קומט אַריין, קומט אַריין, — איר וואָלט דאָך געקענט פֿאַרברענגען מיט אונז כאָטש אַ פֿערטל שעה. דאָס איז מיין שוואָגער, מיסטער באָרדזשעס, — מיסטער מערטשבענקס.

**מערטשב.** (ציט זיך נערוועז צוריק צום ספֿרים אַלמער) זייער אָנגענעם צו באַקאָנען זיך מיט אייך, סער.

**באָרדזש.** (זייער האַרציג צו מערטשבענקסן. אין דער צייט פֿירט צו מאָרעל קאַנדידען צום קאַמין) ניין, מיר איז זייער אַנגענעם מיט אייך זיך צו באַקאָנען, מיסטער מערטשבענקס. (ער צווינגט אים געבן די האַנט) ווי פֿילט איר זיך אין אַזאַ וועטער? איך האָף, אַז דזשעמסן האָט זיך ניט איינגעגעבן פֿאַרדולן אייך דעם קאָפּ מיט זיינע משוגענע אידייען? אַ?

**מערטשב.** משוגענע אידייען? אַך, איר מיינט מסתמא זיין סאָציאַליזם! הערוויילע ניט.

**באָרדזש.** (נעמט אַרויס דעם זייגער) נאַ, איך מוז, נישט צו מאַכן. איר גייט אפֿשר אין מיין וועג?

**מערטשב.** אין וועלכן זייט גייט איר?

**באָרדזש.** אַיפֿן סטאַנציע וויקטאָריאַ־פּאַרק. איך פֿאָר מיטן צוג וועלכער גייט אָפּ 12 מיט 25.

**מאָרעל:** נאַרישקייטן! עזשען וועט פֿרישטאָקן מיט אונז.

**מערטשב.** (ענטשולדיגט זיך שטמעוודיג) ניין... איך... איך...

**באָרדזש.** גוט, גוט. איך וועל אייך ניט שטערן. געוויינליך איז אייך אַנגענעמער צו פֿרישטאָקן מיט קאַנדי, נאָר איך האָף, אַז איר

הערט זיך ניט אָפּזאָגן ווען עס איז אויך מיט מיר גיין צו מיטאָג
אין מײַן קלוב אויף נאָרטאָן-פּאָלגעט? איר זאָגט עס צו, יאָ?

מערטשב. אַ דאַנק, מיסטער באָרדזשעם. וואו איז עס נאָרטאָן-פּאָלגעט?
דאָס איז, דוכט זיך, ערגעץ אַראָפּ דער סאָררעי? (באָרדזשעם לאַכט לוסטיג).

קאַנדידאַ: (קומט צו הילף) איר וועט פאַרשפּעטיגן דעם צוג, פּאַטער, אויב איר וועט תיכף ניט פאָרן. קומט צוריק פאַרנאַכט, וועט איר דאַן דערציילן מיסטער מערטשבענקס ווי אַזוי אויפצוזוכן אייער קלוב.

באָרדזש. (לאַכט שטאַרק) אַראָפּ דער סאָררעי, — כאַ-כאַ! ניט שלעכט, איך האָב נאָך ניט געטראָפן קיין מענטש, וואָס זאָל ניט וויסן, וואו איז נאָרטאָן-פּאָלגעט. (הערשרעקט זיך אַליין פאַר זײַן שפּאָטערישן טאָן) אַ נטן אײַך, מיסטער מערטשבענקס. איך ווייס, איר זײַט אַ צו גרויסער אַריסטאָקראַט, אַז איר זאָלט קענען שלעכט איסטײַטשן מײַן לאַכן... (ער גיט אים ווידער די האַנט).

מערטשב. (נעמט נערוועז זײַן האַנט) אָבער נײן, אַ האָר ניט.

באָרדזש. אויף ווידערזעהן, קאַנדי, אויף ווידערזעהן! איך וועל נאָך אַרײַנקומען צו אײַך שפּעטער.

מאָרעל: און איר מוזט טאַקע גיין?

באָרדזש. יאָ. באַמידט זיך ניט... (גייט)

מאָרעל: ערלויבט, איך וועל אײַך באַגלייטן. (גייט נאָך אים. עזשען קוקט זיי נאָך ווי הערשראָקן ביז באָרדזשעם איז אין גאַנצן אַוועק).

קאַנדידאַ: (לאַכט) נו, עזשען? (מערטשבענקס גייט שנעל צו איר, נאָר בלײַבט שטיין באַמערקנדיג אירע לאַכענדיגע אויגן) וואָס זאָגט איר וועגן מײַן פּאַטער?

מערטשב. איך... איך האָב נאָך נישט באַוויזן זיך גוט מיט אים צו באַקאַנען. ער ווײַזט מיר אויס פאַר זייער אַ וואוילן, אַלטן דזשענטעלמען.

קאַנדידאַ: (מיט אַ לײַכטע איראָניע) און איר וועט גיין מיט אים צו מיטאָג אין מעטאַליכטן-פּאַראיין, יאָ? ניט אמת?

מערטשב. (מיט פאַרדראָס. באַציט זיך צו אירע ווערטער ערנסט) יאָ. געווים, אויב דאָס וועט אײַך נאָר שאַפן פערגעניגן.

**קאַנדידאַ:** (גערירט) איר ווייסט, איר זייט דאָך אַ וואוילער יינגל, עזשען, ניט קוקנדיג אויף אייערע כמעט ווילדלאַכע איינגענשאַפטן. איך וואָלט זיך ניט באַליידיגט ווען איר וואָלט אויסגעלאַכט מיין פאָטער; נאָר איר געפעלט מיר נאָך מער דערפאַר, וואָס איר האָט זיך צו אים גוט באַצויגן.

**מערטשב.** ס'איז דען געווען וואָס אויסצולאַכן. אמת, ער האָט טאַקע עפּעס גערעט לעכערליכע זאַכן, נאָר איך שעם זיך פאַר ווייניג באַקאַנטע מענטשן און אַגב פאַרשטיי איך ניט קיין וויצן. אַ שאָד, באמת... (ער זעצט זיך אויפן דיוואַן. דריקט מיט די הענט דעם קאָפּ אַזוי, אַז גלייך אָט צו מערקן זיין האָפענונגסלאָזע פּיין. ער שפּאַרט זיך אָן מיט די הענט אָן די קני).

**קאַנדידאַ:** (טרייסלט אים גוטמוטיג) נו, נו! קינד! גענוג שוין אייך. היינט זייט איר ערגער ווי געוויינליך. פאַרוואָס זייט איר אַריינגעפאַלן אין אַזאַ טרויער, ווען איר זייט געפאָרן מיטן פורמאַן?

**מערטשב.** אַך, דאָס איז גאָרנישט! איך האָב געטראַכט, וויפיל דאַרף מען באַצאָלן דעם פורמאַן. איך ווייס, אַז דאָס איז זייער נאַריש, נאָר איר קענט זיך גאָרניט פאָרשטעלן ווי שווער מיר איז צו האָבן צו טאָן מיט אומבאַקאַנטע מענטשן. (שנעל און בעטענדיג) נאָר אַלץ האָט זיך, ווייסט איר, גוט איינגעאָרדנט. ער האָט דעם קאַפעליוש אַראָפּגענומען און האָט געקראָגן ממש אַ ליכטיג פּנים, אַז מאָרעל האָט אים געגעבן 2 שילינג, און איך האָב אים געוואָלט געבן צעהן. (קאַנדידאַ לאַכט האַרציג. מאָרעל קומט אַריין מיט בריוו און צייטונגען, וועלכע זיינען אָנגעקומען מיט דער לעצטער פּאָסט).

**קאַנחידאַ:** אַך, ליבער הזשעמס, — ער האָט געוואָלט געבן דעם פורמאַן צעהן שילינג, — בעטראַכט נאָר, — צעהן שילינג פאַר דריי מינוט רייזע! אַך, מיין גאָט!

**מאָרעל:** (ביים טיש, קוקט דורך די בריוו) הערט איר ניט, מערטשבענקס. די מדה, פון וועלן איבערצאָלן איז אַ פיינע מדה, אַ סך שענערע איידער וועלן ניט דערצאָלן; אַגב איז עס זייער זעלטן.

**מערטשב.** (ווידער אַריינגעפאַלן אין יאוש) ניין, דאָס איז אַ פּשוטע קליינמוטיגקייט, אַ אומקולטורעלקייט. מיסטרים מאָרעל איז זייער גערעכט.

**קאַנחידאַ:** געווים בין איך גערעכט. (זי נעמט דעם רעדיקיול) נו, און

איצט מוז איך אײַך איבערלאָזן מיט דושעמסן. איך מײן, אַז איר זײַט צופיל פּאָעט צו פֿאַרשטײן, אין וואָס פֿאַר אַ צושטאַנד אַ בעל־הביתטע קען געפֿינען איר הויז נאָך אַ דרײַוואָכעדיקע אַבוועזנהײַט. גיט מיר דאָס פּעקעלע. (עזשען דערלאַנגט איר דעם פֿעלד־פּעקעלע, זי נעמט עס מיט דער לינקער האַנט, ווײַל די רעכטע איז פֿאַרנומען מיטן רעדיקיול). איצט לײגט מיר אַוועק איפֿן אַקסל דעם מאַנטל (עזשען טוט עס) איצט די הוט. (עזשען גיט איר די הוט אין האַנט, מיט וועלכע זי האַלט חעם רעדיקיול). און איצט עפֿנט מיר די טיר. אַ דאַנק. (קאַנדידאַ אָפּ, מערטשבענקס פֿאַרמאַכט נאָך איר די טיר).

מאָרעל: (נאָך אַלײן פֿאַרנומען בײַם שרײַב־טיש) איר, מערטשבענקס, וועט דאָך בלײַבן בײַ אונז פֿרישטאָקן, יאָ?

מערטשב. (דערשראָקן) נײן, דאָס דאַרף איך ניט. (ער טוט גיך אַ קוק אויף מאָרעלן, נאָר ער ווענדט זיך תּיכף אָפּ פֿון מאָרעלס בליק און ניט צו מיט אַ בולט'ע ניט אויפֿריכטיקײַט) דאָס הײסט... איך האָב געוואָלט זאָגן, אַז איך קען ניט.

מאָרעל: נײן, איר האָט געוואָלט זאָגן, אַז איר ווילט ניט.

מערטשב. (אויפֿריכטיג) אָ, נײן, מיר וואָלט זיך עס זײער געוואָלט, באמת. איך בין אײַך זײער דאַנקבאַר, נאָר...

מאָרעל: (געענדיגט מיט די בריף, גײט צו מערטשבענקסן) וואָס פֿאַר אַ נאָר... נאַרישקײַטן! ווילט איר נאָר בלײַבן, טאָ בלײַבט. איר וועט דאָך מיר ניט אײַנרײדן, אַז איר האָט אַנדערע עסקים. איבער איר שעמט אײַך, טאָ גײט זיך דערווײַל שפּאַצירן אין פּאַרק, שרײַבט דאָרטן לידער ביז האַלב צוויי און נאָכדעם קומט וועט איר גוט אַרײַנקײַען מיט אונז.

מערטשב. אַ שײנעם דאַנק אײַך. דאָס וואָלט מיר ווירקלעך זײער אָנגענעם געווען, נאָר איך דאַרף עס באמת ניט טאָן. זאָגן אײַך דעם אמת, — מיסטער מאָרעל האָט מיר אַזוי געהײסן. זי האָט געזאָגט, אַז זי איז אין ספֿק, איבער איר וועט מיך בעטן צו פֿרישטאָקן, און טאָמער וועט איר אַפֿילו בעטן, זאָל איך געדיינקען, אַז דאָס מוט איר נאָר לפֿנים און באמת וואָלט איר גאָר ניט וועלן איך זאָל בלײַבן. (מיט אַ בקשה טאָן) זי האָט מיר געזאָגט, אַז איך וועל אַלײן פֿאַרשטײן די אורזאַך, נאָר איך פֿאַרשטײ גאָרניש... איך בעט אײַך, דערצײלט איר ניט, אַז איך האָב עס אײַך געזאָגט.

**מאָרעל:** (מיט אַ געלעכטערל) וואָס איז גאָר? אפשר וועט איר אָנטרויען מײַן עצה, אַז אויב איר וועט זיך אַ בּיסל דורכשפּאַצירן אין פּאַרק, וועלן די אַלע מניעות אָפּפאַלן?

**מערטשב.** ווי אַזוי?

**מאָרעל:** (מיט פרייליכן הומאָר) אַך, נאַרעלע איר אייגער! (דער לײַכטער הומאָר ווירקט שלעכט הן אויף מאָרעלן אַליין, הן אויף מערטשבענקען. ער וואַרפט דעם טאָן. און רעדט מיט אַ צאַרטע ערנסטקייט) איך וועל עס אײַך ערקלערן: בײַ אַזאַ גליקלעכן פאַמיליען-לעבן ווי אונזערער, איז חאָב צוריקקומען פון אַ פרוי — אַ גאַנץ הייליגע זאַך (עזשען קוקט אים שנעל אָן, פאַרשטייענדיג, וואָס ער וועט זאָגן ווײַטער) אַן אַלטער פרײַנד, אָדער בכלל אַ פאָרנעמער מענטש קען אין אַזעלכע פאַלן ניט שטערן. אַ גאַנץ אַנדער זאַך איז אַ צופעליגער גאַסט. (אויף עזשענס פנים איז צו מערקן, אַז וואָס ווײַטער ווערט ער ווי מער דערשראָקן, גאָר מאָרעל זײַנדיג פאַרנומען מיט זײַנע געדאַנקען, מערקט עס ניט און רעדט ווײַטער) קאַנדידאַ האָט געמיינט, אַז איך וועל בעסער וועלן איר זאָלט דאָ ניט זײַן, נאָר זי האָט אַ טעות געהאַט. איר געפעלט מיר זייער און איך וויל, איר זאָלט טאַקע זעהן וויפיל גליק עס ליגט אין אַזאַ פאַמיליען-לעבן ווי אונזערער.

**מערטשב.** גליק! — אײַער פאַמיליען-לעבן אַ גליקליכער? און איר מיינט עס טאַקע באמת? איר גלויבט אין דעם?

**מאָרעל:** (ענערגיש-לעבהאַפט) ניט איך מיין, נאָר איך ווייס עס. ליבער מענטש! לאַראָשפוקאָ זאָגט ערגעץ: „עס טרעפט אַז אַ פּאָר פאָלק לעבט צוזאַמען באַקוועם, נאָר עס טרעפט קיין מאָל ניט, אַז אַ פּאָר פאָלק זאָל זײַן גליקליך". איר קענט זיך גאָר ניט פאָרשטעלן דעם נחת רוח פון זעהן, ווי ווײַט ס'איז פאַלש די מיינונג פון דעם געוויסענס-לאָזן ליגנער און אויף דורך און דורך פאַרפוילטן ציניקער. כאַ-כאַ-כאַ! און איצט גייט אין פּאַרק און שרײַבט אײַערע לידער. נאָר געדיינקט, אַז פּונקט צו האַלב צוויי. מיר וואַרטן קיינמאָל קיינעם ניט.

**מערטשב.** (ווילד) ניין, וואַרט, איר דאַרפט מיך נישט אײַנלאַדן, איך וועל עס תיכף אַרויסברענגען אויף גאָט'ס וועלטל.

**מאָרעל:** (פאַרשטייט ניט) וואָס איז? וואָס וועט איר אַרויסברענגען?

מערטשב. איך דאַרף זיך מיט אײַך דורכשמועסן. מיר מיט אײַך איז נױ־טיג עטוואָס צו קלאָר מאַכן.

מאָרעל: (קוקט דעם ווינער, איראָניש) ניט אַנדערש — תּיכּף?

מערטשב. (ליידנשאַפּטליך) יאָ, געוויס תּיכּף, בעפאָר איר וועט אַרויס פֿון דעם צימער. (ער טרעט אָפּ אַ ביסל, ווי ער וואָלט וועלן פֿאַרשטעלן מאָרעלן דעם אַרויסגאַנג).

מאָרעל: (רירט זיך נישט פֿון אָרט; האָט פֿאַרשטאַנען, אַז עס האַנדלט זיך וועגן אַ ערנסטע זאַך, רעט ער ערנסט) איך קלײַב זיך גאָר ניט אַוועקגיין, מײַן ייִנגעלע. איך האָב געמיינט, אַז איר ווילט. (עזשען ערשטוינט פֿון זײַן זיכערן טאָן, קערט זיך אָפּ פֿון אים און ציטערט פֿון אויפֿרעגונג. מאָרעל גייט צו צו אים און פֿרײַנדליך און פעסט לייגט ער אים זײַן האַנט אויפֿן פּלייצע ניט קוקנדיג אויף דעם, וואָס עזשען וויל זי אָפּלעהנען פֿון זיך) קומט, זעצט זיך רוהיג און דערציילט, וואָס איר ווילט, וואָס אײַנעם האָט פּאַסירט. געדיינקט נאָר, אַז מיר זײַנען גוטע פֿרײַנד און מיר דאַרפֿן קיין מורא ניט האָבן, טאָמער וועט בײַ וועמען פֿון אונז ניט כאַפּן קיין מוטה און געדולד אויסצוהערן דעם צווייטן, וואָס יענער זאָל ניט זאָגן.

מערטשב. (האַלב אומגעקערט צו מאָרעלן) אָ, איך פֿאַרגעס עס ניט (פֿאַרדעקט יאושדיג דעם פּנים), נאָר איך בין פֿול שרעק. (ער בעפֿרײַט דעם פּנים און ווענדט זיך דראָהענדיג צו מאָרעלן) איר וועט זיך אַליין ערקונדיגן צו איז איצט אַ צײַט צו רידן וועגן גיטסקײַט און געדולד. (מאָרעל שטייט זיכער ווי אַ פֿעלז, קוקט אים אָן מיטליידיג) קוקט מיך נישט אָן מיט אַזאַ זעלבסט־צופֿרידנקײַט! איר רעכנט זיך שטאַרקער פֿאַר מיר, נאָר איך וועל אײַך צווינגען פֿאַרציטערט צו ווערן, איידער ס׳איז בײַ אײַך נאָר דאָ אַ האַרין!

מאָרעל: (גאָר צוטרויליך) נו, צווינגט מיך פֿאַרציטערט צו ווערן, מײַן ייִנגעלע, הייבט אָן...

מערטשב. ערשטנס...

מאָרעל: ערשטנס?

מערטשב. האָב איך ליב אײַער פֿרוי...

(מאָרעל טרעט אָפּ אין קוקט אים אָן אַן אויגן־בליק פֿאַרחידושט און לאַכט זיך מיט אַמאָל שטאַרק פֿאַנאַנדער. עזשען איז אין פֿערלעגנהייט, נאָר ער פֿאַרלירט זיך ניט. באַלד באַהערשט אים אַ געפֿיל פֿון וואוטה און האַס).

**מארעל:** (זעצט זיך כדי אפצורוען פון לאכן) זעלבסטפארשטענדליך, מיין ליבער יינגעלע, געווים האט איר זי ליב. אלע האבן זי ליב, — חא קען שוין קיין זאך ניט העלפן. מיר געפעלט עס זייער, נאר (קוקט אים אן האלב שפאטעריש) ווי מיינט איר, עזשען, ס'איז דען כדאי צו ריידן וועגן דעם? איך איז נאך קיין צוואנציג יאר ניטא, און איר איז שוין איבער דרייסיג! זעט עס הען ניט איים ווי, אזוי צו זאגן, א נארישע ליבע?

**מערטשב.** (הייס) ווי וואגט איר אזוי צו ריידן וועגן איר? איר מיינט, אז זי קען ארויסרופן צו זיך אזא ארט ליבע! איר באלוידיגט זי!

**מארעל:** (שטייט שנעל אויף, טאנגענדערנד) זי! עזשען, זייט פארזיכטיג. איך האב איך געדולדיג אויסגעהערט און האף אויף ווייטער איך אויסהאלטן געדולד. נאר ס'זיינען דא אזעלכע זאכן, וועלכע איך קען ניט דערלייבן. צווינגט מיך ניט צו באגיין זיך מיט איך ווי מיט א קינד,, זייט א דערוואקסענער מענטש.

**מערטשב.** (מאכט א באוועגונג, ווי ער וואלט וועלן עפעם אפווארפן פון זיך). אך, ווארפט, איך בעט איך, אט די תנועות אייערע. מיט שווערע טראכט איך וועגן דעם, וואס פאר א דאזעס צבועקשאפט זי האט עס און משך פון לאנגע יארן געדארפט סובל זיין אין חער זעלבער צייט ווען איר האט די נעצוואונגען דינען אייער און זיך פארליבטער פערזאן! איר! (ווענדט זיך צו אים) איר, וועלכער האט ניט פארמאגט ניט איין געדאנק, ניט איין געפיל, געמיינזאם מיט איר!

**מארעל:** (פילאזאפיש) זי האט עס, משמעות, סובל געווען גאנץ גרינג. (קוקט אים גלייך אין פנים) עזשען, מיין ליבער יינגעלע, איר פארשטעלט זיך פאר א נאר, פאר א גרויסן נאר. איך מוז עס אייך זאגן אפנהארציג.

**מערטשב.** צי דען מיינט איר, אז איך ווייס דאס אלץ ניט? צי דען מיינט איר, אז האם, צוליב וואס מענטשן ווערן נאראנים איז ווייניגער רעאל און אמת, ווי דאס, וואס מאכט מענטשן פאר קלוגע? (מארעל לאזט צום ערשטן מאל אראפ די אויגן. אינסטינקטיוו קערט ער זיך אפ און הערט זיך צו פארטראכט און ערשטוינט) נײן, נאר אזעלכע זאכן זיינען אמת; דאס זיינען די אמתע געפילן. איר ווייט זייער רוהיג, בעדאכטליך און קאלטמוטיג, ווייל אייך איז קלאר, אז איך גיי פון מח אראפ צוליב אייער פרוי; נאר פונקט אזוי איז חאך געבליבן געווען דער אלטער, וואס איז נאר וואס אוועק פון חאנען, וועלכער האט אזוי קלוג גע-

רעדט ייִנגן אײַער מאַציאַליזם, ווײַל פֿאַר אים איז געווען קלאָר,
אַז איר זײַט צומישט אויף חעם... (מאָרעלס פֿערלעגנהײַט
ווערט אַלײן גרעסער. עזשען שפּרינגט דעם ערפֿאָלג, פֿאַר-
דאַנגלט אים מיט פֿראַגן) צי בעווײַזט עס, אַז איר זײַט אומ-
גערעכט? בעווײַזט, אַפֿגים, אײַער זעלבסט-אײַנבילדונג, אַז איר
שטייט העכער פֿון מיר, אַז איך בין ניט גערעכט?

מאַרעל: (קערט זיך אום צו עזשענען, וועלכער קוקט אויף אים זיגעריש)
מערטשבענקס, עפּעס אַ טײַוול זאָגט אײַך אונטער די דאָזיגע
ווערטער! כ'איז גרינג, זייער גרינג צושטערן בײַ אַ מענטשן
דעם גלויבן אין זיך. אויסנוצן דאָס, כדי אײַנצוברעכן אַ מענטשן—
דאָס איז אַ מלאָכה פֿאַרן טײַוול! היט זיך פֿון דעם, וואָס איר
טוט, זײַט פֿאָרזיכטיג.

מערטשב. (אַבּהאָלטנדיג) דאָס אַלין הייס איך. איך טו עס פֿאָלקאָם
באַוואוסטזיניג. איך האָב דאָך אײַך געזאָגט, אַז איר וועט בײַ
מיר פֿאַרציטערט ווערן.

(אַ אייגן בליק קוקן די צוויי איינער דעם צווייטן באַדראָהענד,
נאָר מאַרעל באַהערשט זיך באַלד).

מאַרעל: (מיט אַ פֿאָרנעמע צאַרטקײַט) הערט צו, עזשען. איך גלויב און
האָף, אַז ס'ווערט קומען אַ טאָג, ווען איר וועט אויך זײַן אַזאַ
גליקליכער ווי איך. (עזשען דערנענט זיך אָפּ, אַזוי ווי ער וואָלט
ווײַלן אָפּהאַלטן פֿון זיך אַזאַ גליק. מאַרעל, אַ באַליידיגטער,
פֿאַרשטיקט זײַן איבערגעבונג מיט פֿאָרנעמען געדולד און זעצט
פֿאָר זײַן געשפּרעך מיט אַ קונסטלערישן גלאַנץ) איר וועט
הרגשה האָבן און וועט זיך באַמיהען, אַז יעדער טפּח ערד זאָל
זײַן אַזוי גליקליך, ווי אײַער אייגן היים. איר וועט זײַן איינער
פֿון די באַשטעסטע פֿון גן-עדן אויף דער ערד און — ווער ווייס —
אפֿשר וועט איר ווערן דער פֿאָגער און גרויסער בוי-מײַסטער דאָרט
ווײַ. איך בין אַ פּשוט'ער בעל-מלאָכה, אַ אײַנפֿאַכער טוער.
מיינט נישט, מײַן ליבער, אַז איך מערק ניט אין אײַך פֿיל מער
קראַפֿט, איידער איך האָב זיך גאָר פֿאָרגעשטעלט צו האָבן
ייִנגיג אין אײַערע יאָרן. איך ווייס אויסגעצייכנט, אַז אַ דיל-
טער איז פֿון גאָט געזאַלבט, אַז אויף אים רוהט די שכינה, אַז
ער באַזיצט דעם צלם אלהים. ציטערן דאַרפֿט איר בײַ דעם איין
געדאַנק, אַז אויף אײַערע פּלייצעס איז אַרויף געלייגט גע-
וואָרן אַזאַ משׂא און אין דער זעלבער צײַט אַזאַ גאָטס מתנה.
די פּאָעזי.

**מערטשב.** (להלוטין ניט געריהרט, פיל אכזריות, שטעלט אַרויס קעגן מאַרעלס רייה זײַן יינגעלשע העזה'דיגע איבערצייגונג, אַז ער איז גערעכט). אָ, ניין, קערפּעַר ציטער איך לגמרי נישט. נאָר דאָס, וואָס אַנדערע באַווייזן ניט די באַגאַבטקייט, דאָס וואַרפט אויף מיר ווירקליך אַ שרעק.

**מאַרעל:** (אונטערן איינדרוק פון גוטע באַציאונג צו עזשענען און צו זײַן איינגעשפּאַרטקייט, רעדט ער נאָך שטאַרקער) אויב אַזוי, טאָ העלפט צו אַרויסברענגען עס בײַ אַנדערע — בײַ מיר, למשל, — אָבער באַמיהט זיך נישט צו פאַרניכטן עס. שפּעטער, אין צוקונפט, ווען איר וועט זײַן אַזוי גליקליך ווי איך, — וועל איך זײַן אײַער אויפריכטיגסטער ברודער אין גלויבן. איך וועל זיך מיהען העלפן אײַך אָנהייבן גלויבן, אַז גאָט האָט אונז געשײנקט אַ וועלט, וועלכע דאַרף זײַן אַ גן־עדן, ווען אונזערע משוגעת'ן וואָלטן עס ניט שטערן. איך וועל אײַך העלפן גלויבן, אַז יעדע שורה, וואָס איר שרײַבט אָן, זייט גליק פאַר די אַלע, אַפילו די סאַמע אומגליקליכסטע, וועלכע וועלן ווען עס איז די זוימען קלײַבן... אויסער דעם — און דאָס איז אַגב ניט קיין קליינינקייט — וועל איך אײַך העלפן גלויבן, אַז אײַער פרוי האָט אײַך ליב און איז גליקליך אין איר פאַמיליע־לעבן. מיר נויטיגן זיך אַלע אין אַזאַ הילף... מיר נויטיגן זיך אין דעם שטענדיג זייער שטאַרק. אויב אַ מענטש פאַלט אַראָפּ בײַ זיך באַהערשט אים תיכף דער צווייפל. אַפילו בײַ זיך אין הויז, בײַם אייגענעם פאַמיליען־טיש זיצן מיר ווי אין אַ קריגס־לאַגער, אַרומגערינגעלטע מיט אַ גאַנצע אַרמיי ספקות. צי דען וועט איר שפּילן אַ ראָל פון אַ פאַרטרעטער און וועט זיי ערלויבן צו באַפאַלן מיך?

**מערטשב.** (קוקט זיך אום) שוין זשע קומט איר אויס שטענדיג אויסהערן אַזעלכע מאמרים? די — אַ פרוי מיט אַ דערהויבענע נשמה, וועלכע שטרעבט צום ווירקליכן אמת, צו פרייהייט, — שפּײַזט מען איר מיט מעטאַפאָרן, מיט מגידות, מוסר און מיט פאַרשיידענע אַלטע ריטאָריקן! שוין זשע מיינט איר, אַז פאַר אַ נשמה פון אַ פרוי איז גענוג אײַער מגיד'ישער טאַלענט?

**מאַרעל:** (באַליידיגט) מערטשבענקס, איר פירט מיך אַרויס פון געדולד. מײַן טאַלענט איז אַזאַ ווי אײַערער, אויף וויפיל ער האָט בכלל אַ רעאַלן ווערט. דאָס איז נעמליך — די פעאיקייט צו געפינען די פּאַסנדע ווערטער צו אויסדריקן דעם געטליכן אמת.

מערטשב. (אָנגעצונדן) דאָס איז פּשוט אַ פּיאַגרײַט צו פֿלידערן, ניט מער און ניט װײניקער! אײַער פּיאַגקרײַט צו פֿלידערן שיין, — װאָס האָט עס פֿאַר אַ שײַכות צום געטליכן אמת? פּונקט אַזאַ שײַכות װי צװישן דעם געטליכן אמת און שפּילן אויפֿן אָרגל! איך בין קײנמאָל נישט געװען אין אײַער קירכע, נאָר איך בין געװען אין אײַערע פּאָליטישע מיטינגען און האָב געזען װי אַזוי איר פֿלעגט ברענגען דעם עולם צו זאָגענאַנטן ענטוזיאַזם, נעמליך, איר פֿלעגט זיי אויפֿרעגן אַזוי, אַז זיי האָבן זיך אָנגעהויבן אויפֿפֿירן װי שיכּורע און װײַבער פֿרויען האָבן געקוקט אויף דיר װי אויף נאַראָנים. אַגבֿ, דאָס איז אַן אַלטע געשיכטע, איר קענט עס געפֿינען אין תּנ״ך. איך רעכן אַז דוד המלך בײַ ענטוזיאַזם־צעפֿאַלן איז געװען ענליך צו אײַך. (ער רייצט אים: מיט אַ ציטאַטע פֿון תּנ״ך) „ותּשׂנאהו אותו בלבה" — און האַרצן האָט אים זײַן פֿרוי פֿײַנט געהאַט..."

מאָרעל: (װײַטער איבערגעבראַכט) אַרויס פֿון מײַן שטוב! איר הערט? (ער גייט צו אים דראָהענדיג).

מערטשב. (הייבט זיך אויף) לאָזט מיך צו רוה! רירט מיך נישט אָן! (מאָרעל נעמט אים שטאַרק אָן פֿאַרן לאַץ פֿון רעקל. עװשען פֿאַלט אויפֿן דיװאַן מיטן פּנים אַראָפּ און שרײַט) האַלט, מאָרעל! אויב איר װעט מיך אַ קלאַפּ טאָן, װעל איך באַנײַען זעלבסטמאָרד, איך װעל עס ניט איבערטראָגן. (כמעט היסטעריש) לאָזט מיך אָפּ, נעמט צו אײַערע הענט!

מאָרעל: (מיט אַ לאַנגזאַם אונטערגעשטראָכענעם האַס) שרעקעדיגער, פּילנדיגער הינטל!... (לאָזט אים אָפּ) גייט אַװעק, אַזוי לאַנג װי איר זײַט נאָך, פֿאַר שרעק, אין חלשות ניט געפֿאַלן.

מערטשב. (אויפֿן דיװאַן, אָטעמט אָפּ, פֿילנדיג זיך פֿרײַער, װײַל מאָרעל האָט צוגענומען די הענט) איך האָב פֿאַר אײַך קיין מורא ניט; דאָס האָט איר פֿאַר מיר מורא.

מאָרעל: (שטייט רוהיג איבער אים) יאָ, עס זעט טאַקע אויס אַזוי — ניט אמת?

מערטשב. (שנעל) יאָ! אַזוי זעט עס טאַקע אויס! (מאָרעל קערט זיך אָפּ מיט פֿעראַכטונג. עװשען שטייט אויף און גייט אים נאָך) איר מיינט, אַז אויב איך פֿערליר ניט קיין ברוטאַלע באַהאַנדלונג; אַז אויב (טרערן דרינגען אין זײַן קול) איך בין נאָר בכּוח צו װיינען פֿאַר צאָרן, װען מען באַגייט איבער מיר געװאַלד־

מעשׂים; אַז אויב איך קען נישט, אַזוי ווי איר, אַראָפּשלעפּן פֿון עקיפּאַזש אַ שווערן קאַסטן; אַז אויב איך קען זיך ניט שלאָגן מיט אײַך, ווי אַ פּראָסטער חמור, פֿאַר אײַער פרוי, — מיינט איר, אַז דאָס בעווײַזט, אַז איך האָב מורא פֿאַר אײַך? — איר האָט אַ טעות: אויב איך פֿאַרמאָג ניט דאָס, וואָס איר רופֿט אָן, ברוטאַלישע קרייסטקײַט, פֿאַרמאָג איך אָבער, הערפֿאַר ניט די בריטישע פּחדנות, — איך האָב קיין מורא ניט פֿאַר די פּאַסטאָרישע אידייען. איך וועל שטרײַטן מיט אײַערע אידייען. איך וועל איר אַרויסראַטעווען פֿון איר קנעכטשאַפֿט בײַ די דאָזיקע אידייען; איך וועל אײַערע אידייען קעגן שטעלן מײַנע. איר טרײַבט מיך אַרויס פֿון שטוב, ווײַל איר האָט מורא צו לאָזן זי פֿרײַ אויסקלײַבן צווישן אײַערע און מײַנע אָנשויאונגען. איר האָט מורא איך זאָל זיך מיט איר ווידער זעהן. (הענכסט אויפֿגעבראַכט קערט זיך מאָרעל אום מיט אַמאָל צו אים; עזשען דערשרעקט זיך און לויפֿט צום טיר) רירט מיך נישט אָן, זאָג איך אײַך. איך גיי אַוועק.

מאָרעל: (קאַלט, מיט האַס) וואַרט אַ רגע. שרעקט אײַך ניט, איך וועל אײַך ניט אָנרירן. אַז מײַן פרוי וועט אַרײַנקומען, וועט זי וועלן וויסן פֿאַרוואָס איר זײַט אַוועק, און ווען זי וועט זיך דערוויסן, אַז מער וועט איר אונזער שוועל ניט איבערטרעטן, וועט מען איר מוזן ערקלערן וואָס דאָס איז. און איך וויל איר ניט ערגערן מיט מײַן דערציילן ווי העסליך איר האָט זיך דאָ אויפֿגעפֿירט.

מערטש ב. (קערט זיך אום, אויפֿגעבראַכט) איר וועט דערציילן, איר מוזט דערציילן. נאָר אויב איר וועט דערציילן ניט אַזוי ווי עס איז געווען, — וועט איר זײַן אַ ליגנער און אַ פּחדן. גיט איר איבער אַלץ, וואָס איך האָב אײַך געזאָגט, דערציילט איר ווי פֿיל העלדישקײַט איר האָט אַרויסבאַוויזן, ווי אַזוי איר האָט מיך געטרייסלט, ווי אַ הונט טרייסלט אַ געפֿאַנגענע מויז, און ווי איך בין אין שרעק געלאָפֿן פֿון אײַך; דערציילט איר ווי איר האָט מיך אָנגערופֿן „שרעקעדיגער, בילנדער הינטל" און ווי איר האָט מיך געטריבן פֿון שטוב. און אויב איר וועט עס ניט טאָן, — וועל איך עס טאָן, — איך וועל איר אָנשרײַבן וועגן דעם.

מאָרעל: (פֿאַרוואונדערט) צוליב וואָס דאַרפֿט איר עס, זי זאָל פֿון דעם אַלץ וויסן?

מערטש ב. (מיט אַ לירישע בעגײַסטערונג) ווײַל זי וועט מיך פֿאַרשטײן

און יעצט וויסט, אַז איך פֿאַרשטיי זי. אויב איר וועט פֿאַרלייקענען פֿון איר כאָטש איין וואָרט, אויב איר פֿילט זיך ניט, אַזוי ווי איך, ביכולת, אַוועקלייגן צו אירע פֿיס דעם ריינעם אמת, — וועט איר דאָס גאַנצע לעבן אײַערן, שפּירן, אַז באמת געהערט זי מיר, ניט אײַך! אַדיע! (אָפּ)

מאָרעל: (זייער באַאונרוהיגט) בלײַבט דאָ. איך וועל איר נישט זאָגן.

מערטשב. (נעבן טיר, קערט זיך אום צו אים) אויב איך וועל אַוועקגיין, וועט איר מוזן זאָגן איר דעם אמת, אָדער... אַ ליגן.

מאָרעל: (לאַנגזאַם) מערטשבענקס, אָפֿטמאָל קען מען באַרעכטיגן...

מערטשב. (רײַסט איבער) איך ווייס — באַרעכטיגן אַ ליגן. אין דעם פֿאַל איז עס אָבער אוננוצליך. אַדיע, הער פּאַסטאָר. (אַז ער גייט שוין לסוף צום טיר אַוועק צו גיין, עפֿנט זיך די טיר און עס גייט אַרײַן קאַנדידאַ אין אַ שטוב-קלייד).

קאַנדידאַ: איר גייט שוין אַוועק, עזשען? (קוקט זיך צו צו אים) מײַן גאָט! גיט אַ קוק אויף זיך, שוין זשע וועט איר אַרויס אין גאַס מיט אַזאַ אויסזעהן? יאָ, — איר — זײַט אַ ריכטיגער דיכטער! קוק אים אָן, דזשעמס! (נעמט אים פֿאַר'ן רעקל און שלעפּט נאָך זיך, צו באַווײַזן אים מאָרעלן) קוק אָן זײַן קראַגעלע, זײַנע האָר. מען קען מיינען, אַז עמיץ האָט אײַך געוואָלט דערשטיקן. (ביידע באַמיהען זיך פֿאַרשווײַגן דאָס, וואָס דאָ איז פֿאָרגעקומען) נו, שטייט רוהיג! (זי פֿאַרקנעפּלט אים דעם קראַגן, בינדט אים די טיך אויפֿן האַלז און ברייגט אין אָרדנונג די האָר) נו, איצט איז שוין אַלץ אין אָרדנונג! איצט זעט איר אויס אַזוי פֿײַן, אַז איך בעט אײַך בלײַבן פֿרישטאָקן מיט אונז, הגם פֿריער האָב איך געזאָגט, אַז איר דאַרפֿט ניט בלײַבן. דער פֿרישטאָק וועט זײַן פֿאַרטיג אין אַ האַלבע שעה אַרום (זי פֿאַרריכט אים נאָך אַמאָל די טיך אויפֿן האַלז און די האָר. עזשען קישט איר די האַנט) טוט נישט קיין נאַרישקייטן.

מערטשב. איך וועל, פֿאַרשטייט זיך, בלײַבן אויב דער געעהרטער דזשענטעלמען, אײַער מאַן, האָט גאָר נישט קעגן דעם.

קאַנדידאַ: דזשעמס, ער מעג בלײַבן, אויב ער וועט צוזאָגן זײַן אַ וואוילער יונגל און וועט מיר העלפֿן גרייטן צום טיש? (מערטשבענקס טוט אַ קער דעם קאָפּ און קוקט איבערן פּלייצע, אויף מאָרעלן מיט העזה, וואַרטענדיג זײַן ענטפֿער).

מאָרעל: (אָפּגעריסענע ווערטער) יאָ, פֿאַרשטייט זיך, זאָל ער בעסער

בלײַבן. (ער גײט צום שרײַב־טיש און פֿאַרנעמט זיך כּלומרשט
מיט די פּאַפּירן)

מערטשב. (לײגט פֿאַר קאַנדידען זײַן האַנט) קומט גרײטן צום טיש.
(קאַנדידאַ נעמט אים אונטערן האַנט און גײען צום טיר. גײענדיג
(ניט ער צו:) איצט בין איך דער גליקליכסטער פֿון שטערב־
ליכע!

מאַרעל: און איך בין געװען אַזױנער — סך הכּל מיט אַ שעה צוריק!...

פֿאָרהאַנג

# צווייטער אַקט.

די האַנדלונג קומט פֿאָר אין דעם זעלבן טאָג, פֿאַרנאַכט, אין דעם זעלבן צימער. דער פּאָסטעל, וועלכער איז באַשטימט פֿאַר געסט—איז ווידער צוגערוקט צום טיש, אויף וועלכן ס'איז אַ גרעסערער אָנאָרדנונג ווי פֿריִער. מערטשבענקס, לאַנגווײַלנדיג פֿון אַליין־זײַן, פּרובירט אַרבעטן אויפֿן שרײַב־מאַשין. דערהערנדיג טריט פֿון עמיצן — גייט ער אָפּ צום פֿענסטער און קוקט אַרײַן, ווי ער וואָלט זיך אינטערעסירט מיטן פּאַרק־אַנזיכט. עס קומט אַרײַן מיס גאַרנעט האַלטנדיג אין האַנט אַ קליין ביכעלע, אין וועלכן זי נאָטירט סטענאָגראַפֿיש מאָרעלס בריוו, זעצט זיך צום שרײַב־מאַשין די בריוו איבער־צושרײַבן, ניט באַמערקנדיג לחלוטין יודזשינען. ווי נאָר זי הויבט אָן צו שרײַבן, ווײַזט זיך אַרויס, אַז די קלאַווישן פֿון שרײַב־מאַשין באַוועגן זיך ניט.

**פּראָזערפּ.** וואָס איז דאָס פֿאַר אַ אָנשטעלעניש! איר האָט זיך דאָ, אַפּנים, געשפּילט מיטן מאַשין, מיסטער מערטשבענקס: אומזיסט מאַכט איר דעם אָנשטעל, אַז איר זײַט דערצו ניט שולדיג. לחלוטין אומזיסט.

**מערטשב.** (אין פֿאַרלעגנהייט) עס פֿאַרדריסט מיך זייער, מיס גאַרנעט. איך האָב נאָר געוואָלט אַ פּרוּוו טאָן ווי זי אַרבעט.

**פּראָזערפּ.** און האָט אויך אַ פּרוּוו געטאָן, אַז די קלאַווישן זאָלן מער ניט אַרבעטן.

**מערטשב.** (איבערצײַגנד) איך פֿאַרזיכער אײַך, אַז איך האָב ניט אָנגערירט די קלאַווישן, לחלוטין ניט אָנגערירט. איך האָב נאָר אַ דריי געטאָן אָט דעם קליין רעדעלע. (ער ווײַזט אָן עפּעס אַ טייל פֿון שרײַב־מאַשין).

**פּראָזערפּ.** אַ, איצט פֿאַרשטיי איך שוין וואָס דאָ איז. (זי רעפּאַרירט די מאַשין און רעדט זייער באַלעבאַטיש) איר האָט, ווײַזט אויס, גערעכנט, אַז אַ שרײַב־מאַשין איז עפּעס אַזאַ מין קליינער

ארגל. ס'איז געווען נאר א דריי צו טאן די הענטל, ווי די מא־שין וועט פאר אייך אנשרייבן א גלענצנדן ליבע־בריוועלע, ניט אמת?

מערטשב. (ערגבט) איך מיין, אז א שרייב־מאשין וואלט טאקע גע־קענט שרייבן ליבע בריוו. די זיינען עפעס אלע זייער ענליך איינע צו דער צווייטער, ניט אמת?

פראזערפ. (א ביסל באליידיגט, ווייל אזעלכע שמועסן, אויב זיי זיינען ניט קיין וויץ, רעכנט זי פאר ניט ארטיג) פון וואנען זאל איך עס וויסן? פארוואס פרעגט איר עפעס מיך וועגן דעם?

מערטשב. איך בעט ענטשולדיקן. כ'האב געמיינט, אז קלוגע מענטשן, וועלכע קענען פירן געשעפטן, שרייבן בריוו און אזוי ווייטער, זיינען מסתמא באהאוונט אין ליבע־פראגן אויך.

פראזערפ. (שטייט אויף א באליידיגטע) מיסטער מערטשבענקס! (זי קוקט אים אן בייז און מיט גרויס שטאלץ גייט זי צום ספרים־שראנק).

מערטשב. (גייט צו איר הכנעהדיג) איך האף, אז איך האב אייך ניט באליידיגט. איך האב אפשר ניט באדארפט בארירן אייערע ליבע אנגעלעגנהייטן.

פראזערפ. (שלעפט ארויס א בלאהען בוך און דרייט זיך אום צו מערטש־בענקסן מיט כעס) ביי מיר איז נישטא קיינע ליבע־אנגעלעגנהייטן!
**ווי האט איר עס א העזה אזוינס צו ריידן?**

מערטשב. (איינפאך) באמת טאקע? נו, הייסט עס, אז איר זייט אויך אזא שעמעוודיקע ווי איך. ניט אמת?

פראזערפ. כ'הייבט זיך נישט אן, איך בין ניט קיין שעמעוודיקע. וואס ווילט איר הערמיט זאגן?

מערטשב. (ווי על פי סוד) ניין, איר זייט, אפנים, א שרעקעדיגע. בכלל ליגט אין שעמעוודיקייט די הויפט־סבה, וואס אויף דער וועלט איז אזוי ווייניג ליבע־אוואנטיורעס. אלע גייען מיר ארום און טרוי־מען וועגן ליבע, — דאס איז דאך אונזער ערשטע נאטירליכע באדערפעניש, די ערשטע תפילה פון אונזער הארץ, נאר מיר וואגן ניט ארויסצוזאגן אונזער פארלאנג, ווייל מיר האבן מורא, ווייל מיר זיינען צופיל שעמעוודיק. (צו איר מיט גרויס אויפ־ריכטיקייט) א, מיס גארנעט, וואס וואלט איך נישט גע־געבן פארן פטור ווערן פון די שעמעוודיקייט און מורא האר־בעניש...

פּראָזערפּ. (אַ שאָקירטע) נו, איר פֿליהעט שוין!

מערטשב. (מיט בּרוטאַלע אינטאָנאַציע) אַך, רעדט מיר ניט, איך בּעט אייך, די נאַרישקייטן. די אינטערעסירן מיך נישט לחלוטין. נו, צי ווייסט איר עס? פֿאַרוואָס ווילט איר ניט זיין מיט מיר אַזוי אויפֿריכטיג ווי מיט זיך אַליין? איך בּין פּונקט אַזאַ ווי איר.

פּראָזערפּ. אַזאַ ווי איך? ענטשולדיגט, ווען ווילט איר עס מאַכן אַ קאָמפּלימענט — מיר, אָדער זיך? איך פֿאַרשטיי עס עפּעס ניט קלאָר. (זי קערט זיך אום, כּדי גיין צום שרייבּ־מאַשין).

מערטשב. (שטעלט איר אָפּ מיט אַ געהיימען טאָן) וואַרט אַ ווייַלע. איך בּלאָנדזשע אום, זוכנדיג ליבּע, און גרויסער מאָס געפֿין איך זי אין לײַטישע הערצער, און ווי נאָר איך הויבּ אָן בּעטן ליבּע צו זיך, — אַזוי ווער איך שרעקליך פֿאַרשעמט און בּלייבּ שטיין ווי אַ שטומער, אָדער נאָך ערגער — איך הויבּ אָן צו ריידן נאַרישע זאַכן און זאָג נאָך ליגנס אויך. איך זע, ווי דער גע־פֿיל, וועלכן איך זוך, ווערט אויסגעגעבּן פֿאַר הינט, קען אין שטובּ־פֿרויען, ווייל יענע קענען עס אויסבּעטן פֿאַר זיך. (ווייטער שטיל) ליבּע דאַרף מען בּעטן, — ווייל ליבּע איז ווי גײַסט, וועלכער רעדט ניט בּעפֿאָר מען ווענדט זיך צו אים (מיט געהיימליבּער שטים, נאָך מיט מעלאַנכאָליש) יעדע ליבּע, וועלכע עקזיסטירט נאָר אויף דער וועלט, שטרעבּט אַרויסגעזאָגט צו ווערן דורך ווערטער, נאָר זי האָט עס ניט צו טאָן, ווייל זי איז שעמעוודיק, שעמעוודיק!... און דעם בּאַשטייט די וועלט־טראַגעדיע. (מיט אַ טיפֿן זיפֿץ זעצט ער זיך אין פֿאָטעל בּיים טיש, בּאַהאַלטנדיג דעם פּנים אין די הענט).

פּראָזערפּ. (ערשטוינט, כּאָטש זי ניט צו פֿאַרלירן, געדענקענדיג, אַז זי האָט צו טאָן מיט אַ יונגן מענטשן) איבּערגעלאַזענע מענטשן זיינען בּיי אָפּטמאָל די שעמעוודיקסטע, ניט אמת?

מערטשב. (שפּרינגט אויף איבּערגעבּראַכט) איבּערגעלאָזענע מענטשן זיינען די, וועלכע ווייסן ניט קיין ליבּע און דעריבּער ווייסן זיי אויך ניט פֿון קיין שעמען זיך. זיי וואַגן בּעטן ליבּע, ווייל זיי בּע־דאַרפֿן זי, אייגענטליך ניט, און ליגן פֿאַר אַנדערע וועגן ליבּע, ווייל זיי פֿאַרמאָגן זי גאָר ניט... (ער זעצט זיך ווידער אין פֿאָטעל און גיט צו טרויעריג) אָבּער מיר, וועלכע ווייסן, וואָס אַזוינס ליבּע איז און בּאַזיצן זי טאַקע: מיר, וועלכע לעבּן צו בּײַטן זיך מיט אַנדערע, אויף ווייטער ליבּע, — מיר קענען אַ וואָרט נישט אויסריידן. איר זײַט מסכּים מיט דעם, ניט אמת?

**פראָזערפּ.** הערט זיך איין, אויב איר וועט ניט אויפהערן צו ריידן אין דעם מטיל, וועל איך אוועק פון דאנען, מיסטער מערטשבענקס; באמת, איך וועל אוועקגיין. סוף כל סוף איז עס פשוט ניט ארטיג. (זי זעצט זיך צום שרייבמאשין, עפנט דאָס בלאָהע ביכל און קוועטשט זיך עפּעס איבערשרייבן פון דאָרט).

**מערטשב.** (האָפנונגסלאָז) אלץ, וועגן וואָס עס איז ווירקליך כדאי צו ריידן, — איז ניט ארטיג... (ער גייט אים איבערן צימער מיט זיין געוויינליכער מאניר — פאַרלאָרן, אין רעט) איך פארשטיי אייך גיט, מים גארנעט. וועגן וואָס זשע דען זאָל איך ריידן?

**פראָזערפּ.** (מיט א ביטערן שמייכל) רעט וועגן אנדערע, כתם אזוי, זאָגן: רעט א ביסל וועגן וועטער...

**מערטשב.** איר וואָלט דען קענען בלייבן רוהיג, און ריידן כתם אזוי, אין דער וועלט אריין, אויב נעבן אייך וואָלט געשטאנען און געוויינט א הונגעריקע קינד?

**פראָזערפּ.** איך מיין, אז ניט.

**מערטשב.** אָט אזוי קען איך אויך נישט ריידן כתם אזוי, אין דער וועלט אריין, בעת מיין הארץ קלאָגט פארביטערט פון הונגער.

**פראָזערפּ.** אויב אזוי, טאָ שווייגט בעסער, בעהאלט דעם צונג הינטער די ציין.

**מערטשב.** אזוי איז עס טאַקע. מיר האלטן דעם צונג הינטער די ציין, אָבער צי האלט עס אָפּ דעם וויי־געשריי פון הארצן, — אין די הארץ שרייט דאָך, שרייט — ניט אמת? אויב איר האָט נאָר א הארץ— מוז זי שרייען.

**פראָזערפּ.** (הויבט זיך פּלוצלונג אויף און לויפט צו א האנט צום הארצן) כל זמן איר וועט ריידן אויף אזא ארט, איז קיין מעגליכקייט ניטאָ צו ארבעטן. (זי גייט אָפּ פון איר שרייב־טישל און זעצט זיך אויפן דיוואן אויפגערעגט) ס'איז ניט אייער עסק — ס'שרייט מיין הארץ, אָדער ניט; דאָך, ניט קוקנדיג אויף דעם, מוז איך אייך וועגן דעם עפּעס זאָגן.

**מערטשב.** מען דארף קיין זאך נישט ריידן, — איך ווייס, אז זי מוז שרייען.

**פראָזערפּ.** געדיינקט אָבער, אז טאָמער וועט איר ווען עס איז וועמען דערציילן, אז איך האָב עס געזאָגט — וועל איך תיכף ערקלערן, אז דאָס איז א ליגן.

מערטשב. (באַדויערנד) יאָ, איך ווייס. היינט עס, אַז איר האָט דאָך קיין מוט נישט צו זאָגן אים פֿון דעם?

פּראָזערפּ. אים? וועמען אים? (שפּרינגט אויף).

מערטשב. וועמען דאָס זאָל ניט זיין: — דעם מענטשן, וועלכן איר ליבט; ווער ער איז — איז גאָר קיין אונטערשייד ניט. אפשר מיסטער מיל, למשל?

פּראָזערפּ. (מיט פֿאַראַכטונג) מיסטער מיל! יאָ, דאָס איז טאַקע דער מענטש, וועלכער איז ביכולת צו ברעכן מיין האַרץ!... ניין, איך וואָלט זיך שוין בעסער פֿאַרליבן... כאָטש אין איך.

מערטשב. (טרעט אָפּ תרשׂראָקן) ניין, באמת, מיך פֿאַרדריסט זייער, אָבער... איר האָרפֿט וועגן דעם נישט טראַכטן... איך...

פּראָזערפּ. (גייט צו צום קאַמין. באַרקאַסטיש) אָ, באַאונרוהיגט זיך נישט, — האָב איז ניט איר. דאָס איז בכלל ניט קיין באַשטימטע פּערזאָן.

מערטשב. יאָ, איך פֿאַרשטיי: איר פֿילט, אַז איר וואָלט קענען ליב האָבן יעדן, ווער עס וואָלט נאָר וועלן...

פּראָזערפּ. (אויסער זיך, רייסט זי אים איבער) יעדן, ווער עס וואָלט נאָר וועלן! וואָס נאָך!? ווער בין איך עס אַזוינס, אין אייערע אויגן?

מערטשב. (צעטומלט) ניין, דאָס איז פּוסטע רייד. איר ווילט ניט ענטפֿערן ערנסט און איך רעט גלאַט אַזוי אַלגעמיינע פֿראַזן, ווי אַלע רייהן. (גייט לאַנגזאַם צום תּיאַן און זעצט זיך אַ פֿאַראומערטער).

פּראָזערפּ. (באַליידיגט מיט דער ניט קאָרעקטער, לויט איר מיינונג, באַציהונג מצד אַן אַריסטאָקראַט צו אירע רייד) אָך, אויב איר דאַרפֿט איבערגעגעבענע, אָריגינעלע שמועסן, טאָ גייט אייך און שמועסט מיט זיך אַליין. דאָס וועט זיין אַם בעסטן.

מערטשב. אַיי טוען טאַקע אַלע דיכטער: זיי רידן אין דער הויך אַליין מיט זיך און די וועלט הערט עס אונטער. נאָר יעדן מענטשן באַדאַרפֿט אַמאָל אַ געפֿיל פֿון אינטימקייט, אויב ער קען ניט פֿון צייט צו צייט האַרפֿריידן זיך מיט אַ לעבעדיגן מענטשן.

פּראָזערפּ. וואַרט אויס, אַט וועט קומען מיסטער מאַרעל, וועט ער מיט אייך שמועסן. (מערטשבענקס ווערט פֿאַרציטערט) אָ, מאַכט ניט קיין תּנועות, — ער קען בעסער פֿאַר אייך ריידן (ניט אָן אויפֿגעבראַכטקייט) וואָהין טייג אייער קאָפּעלע אין פֿערגלייך מיט זיינער! (זי גייט אַוועק אויפֿגעבראַכט אויף איר

אָרט, נאָר מערטשבענקס, ווי ער וואָלט פּלוצלונג עפּעס פֿאַרשטאַנען, שפּרינגט אויף און פֿאַרהאַלט זי).

**מערטשב.** אָ, איצט פֿאַרשטיי איך.

**פּראָזערפּ.** (רויט געוואָרן) וואָס פֿאַרשטייט איר?

**מערטשב.** איך האָב זיך הערוואוסט פֿון אײַער סוד. זאָגט מיר, איך בעט אײַך, איז טאַקע באמת מעגליך, אַז אַ פֿרוי זאָל אים קענען ליב האָבן?

**פּראָזערפּ.** (ווי זי וואָלט הערהערן עפּעס אַ איסערגעוויינליכע זאַך) וואָס איז עס פֿאַר אַ פֿראַגע!...

**מערטשב.** (לײַזשאַפּטגליך) ניין, ענטפֿערט מיר, איך וויל וויסן, איך דאַרף עס וויסן. דאָס איז פֿאַר מיר לחלוטין אונפֿאַרשטענדליך. איך זע אין אים קיין זאַך נישט אויסער ווערטער און גאָטספֿאָרכטיגע כוונות, — מיט איין וואָרט — דאָס, וואָס מענטשן רופֿן בכלל אָן מיטן נאָמען טוגענד. איר קענט דאָך אים אָבער נישט ליב האָבן הערפֿאַר?

**פּראָזערפּ.** (באַמיט זיך אָפּשטעלן אים העפֿליך) איך פֿאַרשטיי פּשוט נישט וועגן וואָס איר רעט. איך פֿאַרשטיי אײַך נישט.

**מערטשב.** (מיט גרויס כעס) ניין, איר פֿאַרשטייט! איר לײַגט!...

**פּראָזערפּ.** אָ!...

**מערטשב.** איר פֿאַרשטייט אויסגעצייכנט און ווייסט וועגן וואָס איך רייד. (באַשליסנדיג, אַז ער מוז גיט אַנדערש באַקומען פֿון איר אַ ענטפֿער) קען אים דען אַ פֿרוי ליב האָבן, אַ?

**פּראָזערפּ.** (קוקט אים גלײַך אין פּנים) יאָ. (מערטשבענקס פֿאַרדעקט מיט די הענט דעם פּנים) אָבער... וואָס איז אײַך? (מערטשבענקס קוקט איר אָן. פּראָזערפּינאַ, הערוזעהענדיג זײַן טראַגיש פּנים, רוקט זי זיך אָפּ פֿון אים וואָס ווײַטער, נישט אָפּווענדנדיג איר בליק פֿון אים, און ער גייט צום קאַמין און זעצט זיך אַ פֿאַריאַשטער אויפֿן קליינעם שטולכענדל. אַז פּראָזערפּינאַ גייט צו כמעט ביזן טיר — עפֿנט זיך אויף די טיר און עס קומט אַרײַן באָרדזשעס. דערזעהענדיג אים, שרײַט זי אויס:) נו, גאָט צו דאַנקען, כאָטש ווער עס איז געקומען! (אַ ביסל אַ באַרוהיגטע זעצט זי זיך צו איר טישל, לייגט אין מאַשין אַרײַן אַ בויגן פּאַפּיר צום שרײַבן. באָרדזשעס גייט צו עזשענען).

**באָרדזש.** (וועלנדיג זײַן מעגליך העפֿליכער מיט אַן אַריסטאָקראַט) אָט האָסטו דיר! פֿײַן נעמען זיי אײַך אויף, מיסטער מערטשבענקס:

זי האָבן איך געלאָזן גאָר אַליין!... נו, נישקשה, איך וועל זיין
אייער געזעלשאַפֿט... (מערטשעבענקאָ קוקט אים אָן טרויעריג-
פֿאַרציטערט, נאָר איך באַרוהיגען ווירקט עס ניט). דושעמס
נעמט צו אין עס-צימער אַ דעפּעשאַציע, און קאַנדי לערנט דאָרט,
אויבן, מיט אַ יונגע גייטאַרין, וועלכע געפינט זיך אונטער איר
השגחה. (מיטלײַדיג) איך איז דאָ מסתמא געווען אומע-
טיג: אויסער דער איבערשרייבערין האָט איר ניט געהאַט מיט
ייעמען אַ וואָרט איבצוריידן. (קערט אום דעם פֿאָטעל און
זעצט זיך).

פּראָזערפּ.. (יערנדיג איבגעבראָכט) דערפֿאַר וועט ער זיך איצט פֿילן
גליקליכער, נחת קלייבנדיג פֿון אייערע ראַפֿינירטע געשפּרעכן;
קען מען זאָגן, — אַ איילגעמיינער פֿאַרגעניגן.... (זי הויבט
אָן שרייבן, שטאַרק קלאַפּנדיג מיט די קלאַווישן)

באָרדוש. (איבעראַשט פֿון איר חוצפּהדיקייט) איך האָב זיך צו אייך
דערלויבט ניט געווענדעט, מיסטריס. יאָ. איך בין איבערצייגט
אין דעם.

פּראָזערפּ.. (צו מערטשעבענקאָ, מיט ניפּט) איר האָט ווען געזען אַ גרע-
סערע אונפֿערשיימטקייט, מיסטער מערטשעבענקאָ?

באָרדוש. (מיט געמאַכטע ביזקייט) מיסטער מערטשעבענקאָ איז אַ דושענ-
טעלמען און דערפֿאַר איז ער שטענדיג אויף זיין געהעריגן
פּלאַץ, ניט ווי עס טרעפֿט אַנדערע...

פּראָזערפּ. (אויפֿגערעגט) ניט. איר ווייסט, מיר מיט אייך ויינען חאָך
נישט קיין לעדי און נישט קיין דושענטעלמענס; איך וואָלט
מיט אייך אַנדערש גערעדט, ווען דאָ וואָלט ניט געווען מיסטער
מערטשעבענקאָ. (זי שלעפּט דעם פּאַפּיר פֿון מאַשין מיט אַזאַ
קראַפֿט, אַז ער צורייסט זיך). אָט האָב איך פֿאַרדאָרבן דעם
בריוו און מוז דאַרפֿן אַלץ פֿון דאָס ניי איבערשרייבן. אָך!
איך קען זיך פּשוט ניט באַהערשן, — איר זייט אַ נאַרישער, אַל-
טער שעפּסן-קאָפּ!

באָרדוש. (שטייט אויף אין שטיקט זיך פֿאַר כעס) אַך, אַזוי גאָר!
איך בין אַ נאַרישער, אַלטער שעפּסן-קאָפּ, — איך? באמת
טאַקע? (אָטעמט אָפּ) דייער פֿיין, מיין ליבינקע, אויס-
געצייכנט! וואַרט נאָר אויף אַ ווײַלע, ביז איך וועל עס דער-
ציילן אייער בעל הבית, דאַן וועט איר זעהן! איך וועל אייך
אָפּלערנען, איר קענט שוין זיכער זיין.

**פּראָזערפּ.** איך...

**באָרדוש.** (שלאָגט איבער ראַש) גענוג! איר האָט שוין געזאָגט אַלץ וואָס מען דאַרף און איצט איז פּשוט אוננוצליך אייער ריידן מיט מיר. איך וועל אייך ווייזן ווער איך בין. (פּראָזערפּינאַ שטעלט איבער די קלאַוויאַטור פֿון שרייב־מאַשין און זעצט פּאָרט איר אַרבעט איגנאָרירנדיג אין גאַנצן באָרדושען) קוקט אויף איר נישט! שיינקייט איר נישט קיין איפּמערקזאַמקייט, מיסטער מערטשבענקס, זי איז עס ניט ווערט. (ער זעצט זיך ווידער מיט גרוים שטאָלץ איפן שטול).

**מערטשב.** (שפּירט זיך נערוועז און אומגליקליך) אפּשר וואָלט געווען גלייכער מיר זאָלן גאָר איבערבייטן אונזער שמועס? איך רעכן, אַז מיס גאַרנעט האָט מיט אירע ווערטער קיין זאַך ניט געמיינט.

**פּראָזערפּ.** (מיט אַ טיפֿע איבערצייגונג) איך האָב געזאָגט דאָס, וואָס איך האָב געטראַכט.

**באָרדוש.** זי גייט מיר שוין לחלוטין נישט אָן. (עס הערט זיך צוויי מאָל אַ קלונג).

**פּראָזערפּ.** (קלייבט צונויף די טאַשן־בּיכלאַך און די פּאַפּיר) דאָס קלינגט מען מיר (אָפּ שנעל)

**באָרדוש.** מיר וועלן זיך באַגיין אָן איך. (זייענדיג צופֿרידן אַ ביסל, וואָס חאָב לעצטע וואָרט האָט ער געזאָגט, קוקט עטליכע מינוט ווינעריש אין דער זייט וואוהין פּראָזערפּינע איז אַוועק, דערנאָך זעצט ער זיך ווידער אין פֿאָטעל נעבן עזשענען און ווענדט זיך צו אים צוטרויליך) איצט, מיסטער מערטשבענקס, אַז מיר זיינען געבליבן אַליין, ערלויבט מיר זאָגן אייך פֿריינד־שאַפֿטליך עטוואָס אַזוינס, וואָס איך וואָלט ניט יעדן געזאָגט: ווילאַנג זייט איר באַקאַנט מיט מיין איידים, דזשעמס?

**מערטשב.** איך ווייס נישט, באמת. איך געדיינק קיינמאָל נישט די דאַטעס. מסתמא, עטליכע חדשים.

**באָרדוש.** איר האָט אין אים נישט באַמערקט וועלכע עס איז איינגנטימליכקייטן?

**מערטשב.** ניין, נישט באַמערקט.

**באָרדוש.** (איבערצייגענד) נו, פֿאַרשטייט זיך, נישט באַמערקט. אָט דאָס איז דאָך די געפֿאַר. איר הייסט — ער איז דאָך אַ משוגענער.

**מערטשב.** אַ משוגענער!

באָרדוש. פּאָרמעל — אַ משוגענער! קוקט זיך נאָר גוט צו צו אים וועט איר עס תיכף דערזעהן.

מערטשב. (שפּירט זיך אומבאַקוועם) האָם דוכט זיך אַייך, מכּתמא, ווייל זײַנע אָנשׁראָענגען.....

באָרדוש. (ער דריקט מערטשׁבענקען די פּיס מיט אַ פינגער פון האַנט, כּדי יענער זאָל זײַן צו אים אויפמערקזאַם) איך האָב אויך אַזוי לכתחילה געמיינט, מיסטער מערטשבענקס. אַ לאַנגע צײַט האָב איך געמיינט, אַז דער עיקר באַשטייט אין זײַנע איבערצײַגונגען, הגם, זאָר האָפּט ווייסן, אַז איבערצײַגונגען ווערט אַ גאַנץ קרענקטע זאַך אויב מען לעבט לויט זיי, ווי ער טוט עס. נישט דאָס אָבער בין איך אויסן. (ער קוקט זיך אַרום כּדי ערקונדיגן זיך, אַז זיי זײַנען אַליין, בויגט זיך אָן צו עזשענס אויער און רעט אַרײַן) ווי מיינט איר? וואָס האָט ער מיר געזאָגט אָט אין דעם צימער היינט אין דער פרי?

מערטשב. וואָס?

באָרדוש. איר ווייסט, ער האָט מיר געזאָגט — איך שווער אײַך, אָט ווי מיר זיצן דאָ, — ער האָט מיר געזאָגט: איך, זאָגט ער, בין אַ משיח, און איר, זאָגט ער, זײַט אַן איכוואורף! און געזאָגט האָט ער עס גאָר קאַלטבלוטיג. ניין, איר באַטראַכט נאָר, איך — אַן איבוואורף! דערנאָך האָט ער מיר געדריקט די האַנט אַזוי, ווי ער וואָלט מיר געזאָגט זייער אַיין אָנגענעמע זאַך. קען מען דען זאָגן, אַז דער מענטש איז בײַם זינען?

מאָרעל: (עפנט די טיר און רעט צו פּראָזערפּינע, וועלכע געפינט זיך הינטערן טיר) פאַרשרײַבט, זײַט אַזוי גוט, מיס גאַרנעט, די נעמען און די אַדרעסן פון אַלעמען.

פּראָזערפּ. (פון ווײַטן) גוט, מיסטער מאָרעל.

(ער גייט אַרײַן מאָרעל, האַלט אין האַנט דאָקומענטן, וועלכע די דעפּוטאַציע האָט אים איבערגעלאָזן).

באָרדוש. (צו מערטשׁבענקען) אָט איז ער אַליין. קוקט זיך נאָר צו צו אים, וועט איר זעהן. (הייבט זיך אויף מיט אַ בעדײַטענדן איבערזעהן). עס טוט מיר זייער לייד, דזשעמס, וואָס איך דאַרף זיך ווענדן צו דיר מיט אַ אָנקלאַגע. איך האָב עס ניט געוואָלט טאָן, נאָר איך שפּיר, אַז כ׳בין עס מחויב צו טאָן, ווײַל דאָס איז אַ פראַגע פון רעכט און פליכט.

מאָרעל: וואָס דאָס פּאַסירט?

באָרדוש. מיסטער מערטשבענקס קען באַשטעטיגן, ער איז געווען אַן עדות. (זייער פֿײַערליך) אײַער פרײלין האָט זיך אויף אַזוי ווײַט פאַרגעסן, אַז זי האָט זיך ערלויבט אָנצורופן מיך — אַלטער, נאַרישער, שעפּסן=קאָפּ.

מאָרעל: (זייער האַרציג) עס איז טאַקע ענליך אויף אונזער פראָססי! זי איז אַזאַ אָפּנהאַרציגע, זי קען זיך לחלוטין ניט באַהערשן. אָרימע פראָססי! כאַ=כאַ=כאַ!

באָרדוש. (ציטערט פאַר כעס) און איר רעכנט, אַז איך וועל געדולדיג לײַדן אַזעלכע פרעכע אײַנפאַלן פון אַזאַ פּאַרשוין?

מאָרעל: ע, נאַרישקײַטן! איר קענט חאָך נישט נתפּעל ווערן פון אַזעלכע זאַכן... ס'איז קלייניגקײַטן.... (ער גייט צום שראַנק און לייגט אַרײַן די פּאַפּירן אין איינעם פון די שופלאָדן).

באָרדוש. כ'פאַרשטייט זיך, אַז איך ווער ניט נתפּעל, איך בין העכער הערפון. נאָר צי איז עס שיין אַזוי? — אָט וואָס איך וואָלט וועלן וויסן. ס'איז ערליך אַזוי?

מאָרעל: נו, דאָס קען באַשטימען נאָר די קירכע, אָבער ניט מיר. איך קען עס אינטערעסירן אויף אַזוי פיל, ווי ווײַט דאָס האָט איך געבראַכט שאָדן. האָט עס אײַך נאָר קיין שאָדן ניט געבראַכט, טאָ טראַכט נישט וועגן דעם און יוצא. (האַלטנדיג, אַז די פראַגע איז געלעזן, גייט ער צו זײַן טיש און נעמט זיך צו פאַנאַנדערקלײַבן די קאָרעספּאָנדענץ).

באָרדוש. (צו מערטשבענקסן) נו, איך האָב אײַך דען ניט געזאָגט? אַ פאָרמעלער משוגענער! (גייט צום טיש און פרעגט מיט פאַרזיכטיקײַט פון אַ הונגעריקן) ביי אונז וועט באַלד זײַן מיטאָג, דזשעמס?

מאָרעל: אין צוויי, דרײַ שעה אַרום.

באָרדוש. (מיט אַ טרויעריגע אונטערטעניקײַט) גיט מיר עפּעס אַ גוטן בוך, וועל איך הערווײַל לעזן אַ ביסל בײַם קאַמין.

מאָרעל: אַ וועלכן בוך? אַ גוטן?

באָרדוש. (כמעט מיט טרערן) אָ, ניין, עפּעס אַ פרײליכס גיט מיר, ווי עס איז די צײַט פאַרצערן. (מאָרעל נעמט פון טיש אַ אילוסטרירטן זשורנאַל און גיט אים. ער נעמט עס ניט ווילענדיג צו) אַ דאַנק אײַך, דזשעמס. (ער זעצט זיך ווידער גאַנץ באַקוועם אין פאָטעל און לייענט).

מאָרעל: (ניט אָפּרײַסנדיג זיך פֿון זײַן אַרבעט) קאַנדידאַ וועט באַלד אַרײַן, וועט זי פֿאַרברענגען מיט אײַך אַ ווײַלע זי האָט זיך שוין אָפּגעפּאַרטיגט מיט איר שילערן און איצט גיסט זי אָן די לאָמפּן.

מערטשב. (הייבט זיך אויף שטאַרק פֿאַרוואונדערט) זי וועט דאָך פֿאַר־שמיצן די הענט. איך קען עס ניט לײַדן, מאָרעל. ס'איז אַ שאַנדע. איך וועל גיין אַליין אָנגיסן די לאָמפּן. (גייט צום טיר).

מאָרעל: ניין, מען דאַרף ניט. גלײַכער, אַז ניט. (מערטשבענקס בלײַבט שטיין) וואָרום זי קען אײַך נאָך הייסן פּוצן מײַנע שטיוול, כדי צו באַפֿרײַען מיך פֿון דער אַרבעט, וועלכע איך טו אַלע פֿרימאָרגן.

באָרדוש. (מיט פֿאַרדראָק) איר האַלט איצט נאָך ניט קיין דינסט, הע?

מאָרעל: ניין, איך האַלט. אַ דינסט איז דאָך אָבער ניט קיין קנעכט, און די שטוב זעט אויס אַזוי, ווי איך וואָלט האַלטן דרײַ דינסטן. הייסט עס, אַז יעדער דאַרף דער דינסט העלפֿן. דאָס איז גאָר ניט קיין שלעכטע סיסטעם; איך מיט פּראָסי, למשל, קע־נען גאַנץ גוט שמועסן וועגן אונזערע ענינים וואַשנדיג די גע־שיר נאָך פֿרישטאָק. וואַשן געשיר איז גאָר ניט אַזוי שווער, אויב מען טוט עס אין צווייען.

מערטשב. (מיט ליד) איר מיינט, אַז אַלע פֿרויען דאַרפֿן זײַן פֿאַרטרעבט ווי מיס גאַרנעט?

באָרדוש. (שטרײַכט אונטער) דאָס איז אמת, מיסטער מערטשבענקס. דאָס איז ווירקלעך ריכטיג. זי איז שרעקלעך גראָב!

מאָרעל: (הויך, גאָר בעדײַטנד) מערטשבענקס!

מערטשב. יאָ?

מאָרעל: וויפֿיל דינערשאַפֿט איז בײַ אײַער פֿאָטער?

מערטשב. אַך, איך ווייס דאָס ניט. (ער גייט צום דיוואַן, ווי ער האָלט זיך וועלן היטן פֿון מאָרעלס שאלות, און זעצט זיך, געפּלאָגט פֿון אומרואיגע וועגן צאַפּט, מיט וועלכן קאַנדי־דאַ עסקט זיך).

מאָרעל: (ערנסט) אַזאַ נוסח, אַז איר ווייסט גאָר ניט וויפֿיל. (ווי־ער אויפֿגערעגט) פֿונדעסטוועגן, אויב ס'קומט אויס צו טאָן עפּעס אַ שטיקל פּראָסטע אַרבעט קענט איר פּשוט אָן און טאַרפּט עס אַרויף אויף פֿרעמדע פּלייצעס, ניט אמת? דאָס איז

דאָך אײנע פֿון די גרױסע ערשײַנונגען אין אונזער עקזיסטענץ, ניט אמת?

מערטשב. אַך, פּלאָגט מיך ניש! די גרױסע ערשײַנונג אין דעם מאָמענט איז דאָס, װאָס די שײנע פֿינגער פֿון אײַער פֿרױ װערן פֿאַרשמוצט אין נאַפֿט, און איר האָט זיך דאָ צוזעצט גאַנץ באַקװעמליך און דרשה'ט איבער דעם! שטענדיג נאָר דרשות און עצות! װערטער, װערטער, װערטער!

באָרדוש. (אַ צופֿרידענער פֿון דעם אײַנפֿאַל) איר הערט, איר הערט? נײן, איר הערט זיך נאָר אײַן! הערט זיך אײַן! אָט אַזױ, גלײַך אין פּינטל! (ער שײַנט פֿון פֿאַרגעניגן) אײַך איז עס ניט אין ברעם, נאָר גלײַך אין אױג אַרײַן, דזשעמס.

(עס קומט אַרײַן קאַנדידאַ אין אַ עלעגאַנטן שירץ מיט אַ צוגעגרײטן שטײ-לאָמפּ אין די הענט. זי שטעלט אַװעק דעם לאָמפּ אױפֿן טיש קעגן מאָרעלן).

קאַנדידאַ: (אָפּװישנדיג די שפּיץ פֿינגער) אױב איר װעט בלײַבן בײַ אונז, עזשען, װעל איך, הכּלל זיך, אײַך איבערגעבן אָנצוגיסן די לאָמפּן.

מערטשב. איך װעל דאָ בלײַבן, נאָר בײַם באַדינגונג, אַז די גאַנצע שװאַרצע אַרבעט גיט איר איבער מיר.

קאַנדידאַ: דאָס איז זײער ליבנסװירדיג, נאָר איך דאַרף פֿריער זען אױב איר קענט עס אױספֿירן. (צו מאָרעלן) דזשעמס, דו האָסט שלעכט אױפֿגעפּאַסט אין שטוב.

מאָרעל: װאָס אַזױנס, מײַן טײַערע, האָב איך דאָ געטאָן, אָדער ניט געטאָן?

קאַנדידאַ: (ערנסט, אַ ביסל פֿערלאָרן) מיט מײַן פֿערזענליכע קלײנע בערשטעלע האָסטו גערײניגט די קאַמינען. (בײַ מערטשבענקסן רײַסט זיך אַרױס אַ װײ-געשרײ, באָרדזשעס קוקט זיך אום פֿאַרװאונדערט, קאַנדידאַ לױפֿט צום דיװאַן) װאָס איז געשען? איר זײַט ניש געזונט, עזשען?

מערטשב. נײן, איך בין געזונט. נאָר דאָס איז דאָך שרעקליך, שרעקליך, שרעקליך! (ער באַהאַלט זײַן קאָפּ אין די הענט).

באָרדזש. (שאָקירט) װאָס? איך שױדערט, מיסטער מערטשבענקס? אין אײַערע יאָרן איז עס געפֿערליך. איר מוזט זיך אָפּגעװױנען הערפֿון צו ביסלאַך.

קאַנדידאַ: (אַ באַרוהיגטע) ס'איז נאַרישקייטן, פּאָעטער! דאָס איז דאָך נאָר פּאָעטישער שרײַבער.. ניט אמת, עושען?

באָרדוש. (אַ ביסל אין פּערלעגנהייט) אַך, פּאָעטישער שרײַבער, באמת טאַקע? איב אַזוי, בעט איך ענטשולדיגן. (קערט זיך אום צום פײַער, בעדרוערנדיג. וואָס ער האָט זיך צוגעאײַלט מיט זײַן רעפּליק).

קאַנדידאַ: וואָס איז, עושען, שוין ווידער איז עס צוליב דעם בערשטל? (ער ציטערט) נו, ווײס איך וואָס! טראַכט נישט וועגן דעם.. נאַרישקייטן. (זעצט זיך נעבן אים) נו, וואָלט איר דען ניט וועלן שענקען מיר אַ נײַעס, מיט אַ בערשטעלע פון עלפאַנט-ביין מיט פערלמוטערנע אינקרוסטאַציעס?

מערטשב. (צאַרט און קלינגנדיג מיט טרויער אין דער שטים). אָ, ניין, איך וואָלט אַייך וועלן שענקען ניט קיין בערשטעלע, נאָר אַ שיף, אַ קליינע זעגל-שיף, צו אַוועקשווימען אַייך איר ווײַט, אין יענע לענדער, וואו מאַרמאָר-טרעפּ ווערן בעוואַשן פון רעגן און געטריקנט פון זון; וואו דער דרום-ווינט טראָגט אָן שטויב איף די גלענצענדע גרינע און העלע טעפּיכן. אָדער אַ רײַט-וואָגן וואָלט איך אַייך וועלן שענקען, איף וועלכן איר וואָלט זיך אַרויפגעטראָגן צו די וואָלקנס, וואו אָנשטאָט לאָמפּן לײַכטן שטערן, וועלכע מען דאַרף ניט אַלע טאָג מיט נאַפט אָנגיסן.

מאָרעל: (אַבהאַנדיג) און וואו מען קען פאַרצערן צײַט אין ליידיג-גייערײַ, געלויבט-באַפרײַונג און אומנוצליכקייט..

קאַנדידאַ: (אַ ביסל ברוגזליך) אָ, הױשעמס! ווי קענסטו עס אַזוי גאָר איבערטײַטשן און פאַרמאיסן!

מערטשב. (מיט בעגײַסטערונג) יאָ, יאָ! זײַן אַ פּיילער, זעלבסטליבנדיקער און אומנוצליבער, — אָט דאָס טאַקע הייסט זײַן אַ הערליכער, פרײַער און גליקליבער. ווייל עס הייסן ניט פון טיפן האַרצן יעדער מענטש פאַר דער פרײַ, וועלכע ער ליבט? דאָס איז איך מײַן אידעאַל. אינטערעסאַנט צו ווייסן, און וואָס באַשטייט אײַער אידעאַל און דער אידעאַל פון אַלע ענליכע צו אײַך, וועלכע זײַנען אָן אָט אַזעלכע קאַמע-שטיבער? הרשות אין בערשטלאַך! איך הרשות און פאַר אײַער פרוי בערשטלאַך!

קאַנדידאַ: (שמייכלט) ער פּוצט דאָך אַליין די שטיוול, עושען. און דערפאַר וואָלט איר רעט אַזוי, הערט איר זיי מאָרגן פּוצן.

מערטשב. אָ, רעט נישט וועגן שטיוול, — אײַערע פיס וואָלטן געגלאַנצט איף הימלישע בערג-שפּיצן.

קאַנדידאַ: יאָ, נאָר אויף די גאַסן פֿון העקובי וואָלטן זיי אָן שטיוול גאָר ניט געגלאַנצט.

באָרדזש. (שאָקירט) זײַ שטיל, קענדי! זײַ נישט וואולגאַר. מיסטער מערטשבענקס איז ניט געוואוינט צו דעם. אים וועט ווידער באַלד אָנכאַפּן שוידער, — פּאָעטישער, פֿאַרשטייט זיך.

(מאָרעל שווײַגט. ס'ווײַזט אויס, ווי ער וואָלט זיך באַשעפֿטיגט מיט קאָרעספּאָנדענץ, באמת אָבער איז ער פֿאַרנומען מיט מחשבות וועגן די נײַע, חשד'באַרע געפֿילן, וועלכע באַהערשן אים איצט, נעמליך: וואָס איבערצײַגנדער עס זײַנען זײַנע מאָראַלע אַרגומענטן, מיט וועלכע ער טרעט אַרויס, אַלץ שנעלער און געשיקטער פֿאַרירט זיי עזשען. אים באַאונרויִקט זייער דאָס באַוואוסטזײַן, וואָס ער הויבט אָן מורא צו האָבן פֿאַר אַ מענטשן, וועלכן ער אַכטעט לחלוטין נישט. עס קומט אַרײַן מיס גאַרנעט מיט אַ דעפּעש אין האַנט).

פּראָזערפּ. (גיט מאָרעלן די דעפּעש) אַ באַצאָלטער ענטפֿער. דער דעפּעשן-טרעגער וואַרט. (גייענדיג צום שרײַב-מאַשין, בײַ וועלכער זי בלײַבט זיצן, ווענדט זי זיך צו קאַנדידען) מאַריאַ וואַרט אויף אײַך אין קיך, מיסטעריס מאָרעל. (קאַנדידאַ שטייט אויף) מען האָט געבראַכט ציבעלע.

מערטשב. (ציטערט) ציבעלע!

קאַנדידאַ: יאָ, ציבעלע! אַפֿילו ניט קיין היספּאַנישע, נאָר איינפֿאַכע, שלעכטע, רויטע ציבעלע. איר וועט מיר אים העלפֿן רייניקן. קומט נאָר. (זי כאַפּט אים פֿאַרן האַנט, לויפֿט אַוועק, שלעפּנדיג אים נאָך זיך. באָרדזשעס שטייט בײַם קאַמין אויפֿן טעפּיך און קוקט זיי נאָך).

באָרדזש. קאַנדי האָט זיך באַדאַרפֿט באַגיין אַרטיגער מיט אַ פּלימעניק פֿון פּער; זי פֿאַרגייט צו ווײַט. הערט, דזשעמס, אָפֿט איז ער אַזאַ אָריגינאַל?

מאָרעל: (שרײַבט אַ דעפּעש, ענטפֿערט אָפּגעריסענע ווערטער) איך ווייס ניט.

באָרדזש. (סענטימענטאַל) ער האָט גערעדט זייער שיין. איך האָב אַלע מאָל געהאַט אַ נייגונג צו פּאָעזיע. קענדי האָט עס פֿון מיר: בשעת זי איז געווען גאָר אַ קליינטשקע מיידעלע פֿלעגט זי מיך צווינגען דערציילן איר שיינע, צויבערלעכע מעשהלאַך. (ער באַווײַזט מיט די הענט די גרויס פֿון קאַנדידאַ אין יענער צײַט).

מאָרעל: (שטאַרק באַטעפּטינט) באמת טאַקע? (לעשט די אָנגעשריבע־נע דעפּעש מיט אַ שטיקל לעש־פּאַפּיר און גייט אַוועק).

פּראָזערפּ. און איר פּלעגט אַליין צוטראַכטן מעשה׳לאַך, מיט אייער אייגענעם קאָפּ?

(באָרדושעס האַלט ניט פאַר נויטיג צו ענטפערן איר, שטייט בײַם קאַמין אין אַ פּאָזע פֿול פערזאַכטונג צו איר).

פּראָזערפּ. (ווייער הויך) אָט און וואָס איך וואָלט אַייך קיין מאָל ניט חושד זײַן. אַגב, ווײַבאַלה מיסטער מערטשבענקס איז אַייך אַזוי געפעלן, דאַרף מען אַייך מודיע זײַן, אַז ער איז אַ משוגענער.

באָרדוש. אַ משוגענער! וואָס? ער אויך?

פּראָזערפּ. להלוטין אַ משוגע. ער האָט מיך ווייער דערשראָקן פאַר אַייער אַרײַנקומען. איר האָט דען ניט געהערט וואָס ער האָט דאָ געפּלוידערט?

באָרדוש. אָך, אָט דאָס עס הייסט פּאָעטישער שוידער! אַ, צום טײַוול; מיר אַליין איז אַ פּאָר מאָל אײַנגעפאַלן, אַז ער איז עפּעס ניט גאָר מיט אַלעמען.... (גייט צום טיר, מיט אַ העכערן טאָן) אַ פּײַנער ערטל, כ׳האָב פּײַנט צו ריידן! איבערהויפּט ווען מען מוז נאָך אַ טראַכטן, אַז איך עס זאָל זיך עפּעס טרעפן, איז ניטאָ ווער עס זאָל אַ קוק טאָן אויף אַ מענטשן אויסער אַייך...

פּראָזערפּ. (ווען ער גייט דורך פאַרבײַ איר) יאָ, עס וואָלט ווירקליך געווען שרעקלעך, איך עס וואָלט מיט אַייך עפּעס טרעפן.

באָרדוש. (בהמאַל) איך בעט אַייך ניט ווענדן זיך צו מיר מיט אַייערע באַמערקונגען. זאָגט אַייער בעל־הבית, אַז איך בין אַוועק אין גאָרטן רויכערן.

פּראָזערפּ. (ווײַזט אים) אָ! (אידער באָרדושעס בעוויַזט אַרויסצוגיין קומט אַרײַן מאָרעל).

באָרדוש. (בעגעגענענטאַל) איך גיי אין גאָרטן אַ ביסל שפּאַצירן און רויכערן.

מאָרעל: (הענעהרדט) גוט, גוט. ווייער שיין!

(באָרדושעס גייט אַרויס שפּילנדיג פּאָעטיש אַ ראָל פון אַ מידן אַלטן מאַן. מאָרעל, שטייענדיג בײַם טיש און דורכקוקנדיג די פּאַפּירן רעט צו פּראָזערפּינען אין אַ לײַכטן טאָן).

מאָרעל: נו, מיס פּראָסטי, פאַרוואָס האָט איר אַזוי אָנגעווידלט מײַן שרייבער?

פּראָזערפּ. (ווערט רויט, קוקט אים שנעל אָן מיט שרעק און פֿאַרוואָרף) איך... (וויינט)

מאָרעל: (בייגט זיך אָן צו איר, באַרוהיגט זי מיט אַ צאַרטליכער פֿריי־לעכקייט) נו, גענוג, זאָל זיין גענוג! דאָס איז אַלץ פּוסטע זאַכן. ער איז דאָך אַן אַלטער, נאַרישער, שעפּסן־קאָפּ, ניט אמת? (פּראָזערפּינאַ שלוכצנדיק פֿאַר געוויין גייט שנעל אַרויס, פֿאַר־האַקנדיק די טיר. מאָרעל שאָקלט צו באַדויערנד מיטן קאָפּ און מיט אַ מידן איסזעהן גייט ער צום שטול. ער נעמט זיך צו דער אַרבעט און מאַכט פּלוצלונג אַן איינדרוק פֿון אַן אַלטן, פֿאַר־מאַטערטן מענטשן. עס קומט אַריין קאַנדידאַ. זי האָט פֿאַרענ־דיגט איר שטובּיגע אַרבעט און האָט אַראָפּגענומען דעם שירץ. זי באַמערקט תיכף מאָרעלס איבערגערעגטן צושטאַנד, זעצט זיך קעגן־איבער אין פֿאָטעל און קוקט אים נאָך, שטיל שווייגנדיק).

מאָרעל: (הייבט אויף דעם קאָפּ, ניט אַרויסלאָזנדיק דעם פֿעדער פֿון דהאַנט, גרייט צו פֿאָרטזעצן די אַרבעט) נו, און וואָס איז עושען?

מערטשבּ. ער וואַשט די הענט אין קיך אונטערן קראַן. פֿון אים קען זיין אַ געשיקטער קוכער, אויב ער וועט נאָר באַקומען זיין שרעק פֿאַר מערי.

מאָרעל: (טרוקן) נו, געוויס. אָן ספק. (שרייבט ווידער)

קאַנדידאַ: (גייט צו צו מאָרעלן, לייגט אַרויף צערטליך איר האַנט אויף זיינע און לאָזט אים נישט מער שרייבן) וואַרט, מיין ליבער! לאָז מיך דיך אָנקוקן. (ער לאָזט אַיין די פֿעדער, נאָכגעבנדיק איר. זי הייבט אים אויף פֿון שטול, פֿירט אים אָפּ פֿון טיש קוקנדיק אים די גאַנצע צייט אין די אויגן) בעווייז צום ליכט דיין פּנים. (שטעלט אים קעגן פֿענסטער) מיין ייִנגעלע זעט שלעכט אויס, — ער אַרבעט צופֿיל?

מאָרעל: נישט מער, ווי שטענדיג.

קאַנדידאַ: היינט איז ער בלאַס, גראָה, אַ צוקנייטשטער און אַן אַלטער. (מאָרעלס מעלאַנכאָליע פֿאַרגרעסערט זיך אַלץ מער, קאַנדידאַ וויל עס צושטרייען מיט אַ געמאַכטע פֿריילעכקייט) קום אַהער. (זי שטויסט אים אין דער ריכטונג פֿון דעם נאָהענטסטן שטול) דו האָסט שוין היינט גענוג געשריבן. זאָל פּראָסי ענדיגן, און דו קום שמועסן מיט מיר אַ ביסל.

מאָרעל: אָבער....

קאַנדידאַ: (אײַנגעשפּאַרט) יאָ, איך װיל מיט דיר שמועסן. (זי זעצט אים מיט גנאָדה אין פֿאָטעל אין בלײַבט אַליין זיצן אויפֿן טעפּיך בײַ זײַנע פֿיס) אָט איצט (זי צערטלט זײַן האַנט) הויבסטו זיך אָן בעסערן. פֿאַרװאָס װאַרפֿסט דו ניט די שװערע, ניט פֿאַר דײַנע כּוחות־דיגע אַרבעט, די לעקציעס מיט די דרשות, איך װעלכע מען דאַרף אַװעקגיין אויף אַ גאַנצע נאַכט? ס׳פֿאַרשטייט זיך, אַז אַלין װאָס דו זאָגסט איז אמת און יושר, נאָר דײַנע װערטער ברענגען להלטין קיינע נוצן; דײַנע צוהערער האָבן זײַן ערנסטע באַציהונג צו דעם. זיי זײַנען מיט דיר מסכּים, נאָר װאָס קומט אַרויס פֿון דעם, װאָס מענטשן זײַנען מסכּים, אויב זיי טוען פּונקט פֿאַרקערט, װי נאָר דו גייסט פֿון זיי אַװעק. נעם אַ קוק אויף אונזער קאָנגרעגאַציע בײַם הײליקן דאָמיניק! פֿאַרװאָס קומען זיי אַלע זונטאָג, הערן דײַנע רעדעס װעגן קריסטנטום? פּשוט, װײַל זעקס טעג זײַנען זיי אַזוי שטאַרק פֿאַרנומען מיט זייערע געשעפֿטן און יאָגעניש נאָך פּרנסה, אַז זיי מוזן כאָטש אַ ביסל אָפּרוען אויפֿן זיבעטן טאָג. אויף אַזאַ אופֿן הייבן זיי זיך אָפּ און קענען זיך װידער לאָזן אין יעגעניש נאָך געלט. ניט דו שטערסט זיי, נאָר דו העלפֿסט זיי נאָך אין דעם.

מאָרעל: (ענערגיש און ערנסט) דו װייסט אויסגעצייכנט, קאַנדידאַ, אַז איך בין זיי עס אָפֿט מוחל. אויב זיי האָלטן באמת באַזוכן די קירכע נאָר צוליב פֿאַרגעניגן און הײַלינג, טאָ פֿאַרװאָס זוכן זיי ניט קיין פֿאַרגעניגן אין מער פּיקאַנטע ערטער? הייסט עס, אַז עס איז דאָ עפּעס בעסערס אין דעם װאָס עס ציט זיי צום הײליקן דאָמיניק און ניט אין אַנדערע, ערגערע ערטער.

קאַנדידאַ: דו פֿאַרגעסט אָבער, אַז די אַלע ערגערע ערטער זײַנען זונטאָג פֿאַרמאַכט, און אויסער דעם, װאָלטן זיי נאָר אפֿשר מורא האָבן צו גיין אַהין, מען זאָל זיי חס ושלום ניט דערזען. אַגב, ליבער דזשעמס, רעדסט דו אַזוי שײן, אַז דאָס פֿאַרבײַט זיי פֿאָלקאָם טעאַטער. װי מיינסטו, פֿאַרװאָס זײַנען פֿרויען אַזוי בעצויבערט פֿון דיר?

מאָרעל: (שאָקירט) קאַנדידאַ!

קאַנדידאַ: נו, איך װייס שוין גראָד װאָס דאָס איז! דו, נאַרישער יינגל, מיינסט, אַז זיי ציט צו דײַן סאָציאַליזם און דײַן רעליגיע; נאָר אויב דאָס װאָלט געװען אַזוי, װאָלטן זיי דאָך געטאָן אַזוי, װי דו פּרעדיגסט זיי, אָנשטאָט דעם װאָס זיי קומען קוקן אויף דיר. זיי זײַנען פּשוט אַלע קראַנק מיט פּראָססיס קרענק.

מאָרעל: פּראָססי׳ס קרינק? וואָס הויסט עס, קאַנדידאַ?

קאַנדידאַ: נו, יאָ, פּראָססי און אַלע אַנדערע שרייבערינס, העלפֿע ווײַנען בײַ דיר געווען. ווי מיינסטו: פֿאַרוואָס אַרט איר ניט אַפֿילו וואַשן געשיר, שיילן קאַרטאָפֿל, ערניהעריגט זיך און נעמט נאָך בײַ דיר מיט זעקס שילינג וויניגער אידער זי באַקומט געוויינליך אין אַ קאָנטאָר? די סבה איז ווייער אַ אײנפֿאַלע — זי איז פֿאַרליבט אין דיר, דושעמס. זיי ווײַנען אַלע פֿאַרליבט אין דיר, און דו ביסט פֿאַרליבט אין דײַן פּרעדיגן, ווײַל עס קומט בײַ דיר אויס גלענצנד. און דו מיינסט, אַז דער ענטוזיאַזם ברענט אין דיר כּדי צו באַשאַפֿן אַ גן־עדן אויף דער וועלט; זיי מיינען אויך אַזוי. אַך דו, מײַן ליבינקער נאַרעלע!

מאָרעל: קאַנדידאַ! וואָס פֿאַר אַ שרעקליכער, וואָס פֿאַר אַ גייסט־טויט־ליכער ציניזם! דו מאַכסט שפּאַס? אָדער — צי איז עס גאָר מעגליך — דו ביסט איפֿערזיכטיג?

קאַנדידאַ: (אינגעוויינליך פֿאַרטראַכט) יאָ, אָפּטמאָל וועקט זיך אויף אין מיר אַ מין איפֿערזיכטיקייט.

מאָרעל: (ניט צוטרויליך) צו פּראָססי?

קאַנדידאַ: (לאַכט) אָ, ניין, ניין, ניין! איך בין ניט איפֿערזיכטיג צו קיינעם. מיר איז פּשוט אַ שאָד אַ מענטשן, וועלכן מען ליבט ניט ווי געהעריג.

מאָרעל: דו רעדסט וועגן מיר?

קאַנדידאַ: דו ביסט צופּעסטעט פֿון ליבע און כּבוד. דו באַקומסט עס פֿיל מער, אידער ס׳איז פֿאַר דיר נוצליך! ניין, איך האָב געמיינט עזשענען.

מאָרעל: (פֿאַרוואונדערט) עזשענען!

קאַנדידאַ: מיר זעט אויס פֿאַר ניט יושרדיג, וואָס די גאַנצע ליבע קומט אָן דיר און אים גאָר אַ ברעקל נישט, הגם ער נויטיגט זיך אין דעם מער פֿאַר דיר (מאָרעל ציטערט אויף) וואָס איז? איך האָב דיר דערעסן מיט מײַן פּלוידערײַ?

מאָרעל: (אײַליג) אָ, ניין, אַ האָר נישט! (ער קוקט זי אָן אויפֿגערעגט און אָנגעשטריינגט) דו ווייסט, אַז איך בין גאַנץ זיכער אין דיר, קאַנדידאַ?

קאַנדידאַ: דו בעל גאווה׳דיגער יינגל, שוין זשע ביסטו אַזוי אײַנגעליבט אין דער אונבאַזיגבאַרקײַט פֿון דײַן רייץ?

מאַרעל: קאַנדידאַ, דו שרעקסט מיך! איך האָב קיינמאָל ניט געטראַכט פֿון מײַן רײַן. איך האָב געטראַכט פֿון דײַן טוגענד און ריינקייט. יאָ, אָט און דאָס איך בין אײַנגעגלייבט.

קאַנדידאַ: ביסט דאָס אַ בריה אויף אָנצורייצן מיך לאַנגווײַליגע, אומאָנגענעמע דבורים! אַך, ביסטו דאָס אַ פּאַסטאָר, דושעמס, אַ פּאַסטאָר ביזן מאַרך פֿון די ביינער.

מאַרעל: (קערט זיך אָפּ פֿון איר באַליידיגט) עושענס דבורים!

קאַנדידאַ: (פֿאַראינטערעסירט בײַגט זי זיך נעהענטער צו אים, האַלט אירע הענט אויף זײַנע קני) עושען איז שטענדיג גערעכט. ער איז אַ מערקווירדיגער יונגל. די גאַנצע צײַט, וואָס איך בין דאָ ניט געווען האָב איך זיך אַלץ מער און מער צוגעבונדן צו אים. די ווייסט, דושעמס, ער איז גרייט פֿאַרליבן זיך אין מיר ביז די אויערן, הגם ער אַליין איז עס אַפּילו ניט חושד.

מאַרעל: (בייז) אַזוי? טאַקע גאָר ניט חושד?

קאַנדידאַ: אַ האָר נישט. (זי נעמט אַראָפּ די הענט פֿון זײַנע קני, קערט זיך אָפּ און פֿאַרטראַכט זיך אין אַ רוהיגע פּאָזע, די הענט בײַ זיך אויף די קני) און אַ שיינעם פֿרימאָרגן, ווען ער וועט ווערן דערוואַקסן און עַרפֿאַרן, ווי דו, וועט ער עס דערשפּירן. דאַן וועט ער אויך פֿאַרשטיין, אַז איך האָב געוואוסט פֿון דעם. אינטערעסאַנט, וואָס וועט ער דאַן טראַכטן וועגן מיר.

מאַרעל: קיין שלעכטס גאָרניט ניט, קאַנדידאַ. איך גלייב און האָף, אַז קיין שלעכטס ניט.

קאַנדידאַ: (צווייפֿלהאַפֿט) נו, דאָס וועט זײַן אָפּהענגיק פֿון דעם...

מאַרעל: (פֿאַרשטייט ניט), דאָס וועט זײַן אָפּהענגיק?...

קאַנדידאַ: (קוקט אים אָן) יאָ, דאָס וועט זײַן אָפּהענגיק פֿון דעם, וואָס מיט אים וועט פֿאָרקומען אין דער צײַט. (מאַרעל קוקט איר אָן ניט פֿאַרשטייענדיג) דו פֿאַרשטייסט דען ניט? דאָס וועט זײַן אָפּהענגיק פֿון דעם, ווי ער וועט זיך אויסלערנען צו פֿאַרשטיין וואָס אַמינס איז ליבע. איך מיין — דאָס ווענדט זיך אָן דער פֿרוי, דורך וועלכער ער וועט די ליבע דערקענען.

מאַרעל: (פֿאַרשטייט ניט) אַזוי? ניין, איך פֿאַרשטיי ניט פֿון וואָס דו רעדסט.

קאַנדידאַ: (ערקלערט) אויב ער וועט ליב האָבן אַ רעכטן מענטשן, דאַן וועט אַלץ זײַן גוט און ער וועט מיר מוחל זײַן.

**מאָרעל:** מוחל זײַן?

**קאַנדידאַ:** אױב אָבער ער װעט דערקענען די ליבע דורך אַ שלעכטע פֿרױ, װי דאָס טרעפֿט מיט פֿילע, איבערהױפּט מיט דיכטער, פֿאַר װעלכע אַלע פֿרױען זײַנען מלאָכים! אױב אָבער דאָס ריכטיגע װערט פֿון ליבע װעט ער דערקענען נאָר דאַן, װען ער װעט זי פּאַקטיש שױן מיט די פֿיס צוטרעטן, װען ער װעט שױן זײַן אַ געפֿאַלענער, — צי װעט ער מיר דאַן מוחל זײַן? װי מײנסטו?

**מאָרעל:** צי װעט ער דיר מוחל זײַן? װאָס?

**קאַנדידאַ:** (איבערצײַגט זיך אין זײַן באַגרענצקײַט, אַ ביסל ערשטױנט, זעצט זי פֿאָרט צערטליך) שױן װשע פֿאַרשטײסט דו ניט? (ער דרײט מיטן קאָפּ. זי באַמיט זיך װידער ערקלערן עס אים אין גאַנצן אינטימיטעט) איך װיל זאָגן: צי װעט ער מיר מוחל זײַן דאָס. װאָס איך האָב אים ניט איסגעלערנט ליב האָבן? צי װעט ער מיר שײנקען דאָס, װאָס איך האָב אים צוליב מײַן, זאָגע־גאַנטע, טוגענד און רײנקײַט, װי דו רופֿסט עס אָן, געװאָרפֿן אין די אָרעמס פֿון שלעכטע פֿרױען. אַך, דזשעמס, װי דו פֿאַר־שטײסט מיך, אײגענטליך, װײניג, בשעת דו רעדסט װעגן דײַן גליבן אין מײַן טוגענד און רײנקײַט. איך װאָלט עס אַזױ גערן אװעקגעגעבן חעם אָרימען יודשענען, װי איך װאָלט אַװעקגע־געבן מײַן שאַל אַן אָרימאַן, װאָס שטאַרבט פֿאַר קעלט. גליבן זאָלסטו נאָר מײַן ליבע, דזשעמס. אױב זי װעט ניט װערן, װעלן דאַן װײניג העלפֿן דײַנע דרשות און מוסר — אָט די פּוסטע רײד, מיט װעלכע דו נאַרסט טאָג טעגליך זיך און אַנדערע.

**מאָרעל:** זײַנע דבורים!

**קאַנדידאַ:** (װעלכע האָט געװאָלט אױפֿשטײן, בלײַבט אין דער פּאָזע) װעמעס דבורים!

**מאָרעל:** יודשענס.

**קאַנדידאַ:** (ענציקט) ער איז שטענדיג גערעכט. ער פֿאַרשטײט דיך, ער פֿאַרשטײט מיך, ער פֿאַרשטײט פּראָסי, און דו, דזשעמס, דו פֿאַרשטײסט גאָר ניש. (לאַכט און קושט אים, כדי צו באַ־רוהיגן. ער װענדט זיך שנעל אָפּ און שטײט ראַש אױף).

**מאָרעל:** װי קענסטו עס טאָן, בעת, — אָ, קאַנדידאַ! (אין זײַן שטימע הערט זיך פּײַן) אָ, בעסער װאָלסטו מיר אַ מעסער אין האַרצן אַרײַנגעזעצט, אײדער די האָסט מיר דעם קוש געגעבן.

קאַנדידאַ: (הייבט זיך אויף דערשראָקן) וואָס איז דיר, מײַן טײַערער?

מאָרעל: (שטויסט איר אָפּ אויפגערעגט) ריר מיך נישט אָן!

קאַנדידאַ: (אַ איבעראַשטע) דזשעמס!

(דאָס אַרײַנקומען פֿון מערטשבענקס און באָרדזשעס רײַסט איבער די סצענע. באָרדזשעס בלײַבט שטיין, אַ איבעראַשטער, בײַם טיר; עלשען וואַרפֿט זיך צווישן מאָרעלן און קאַנדידען).

מערטשב. (איבעראַשט) וואָס האָט פּאַסירט? וואָס איז דאָ בײַ אײַך פֿאָרגעקומען?

מאָרעל: (טויט-בלאַס, מאַטערט זיך שרעקלעך צו באַהערשן זיך) קיין זאַך נישט, אויסער דעם, וואָס אָדער איר זײַט הײַנט אין דער פֿרי געווען גערעכט, אָדער קאַנדידאַ איז אַ משוגענע.

באָרדזש. (פּראָטעסטירט שטאַרק) וואָס? קאַנדידאַ איז שוין אויך אַ משוגע-נע? אָך, דאָס איז פּשוט אומזין! נאַרישקײַטן, נאַרישקײַטן. (פּראָטעסטירנדיג גייט ער אָפּ צום קאַמין און טרייסלט אויס די אַש פֿון ליולקע, מאָרעל, אַ פֿאַרצווייפֿלטער זעצט זיך צום טיש, בויגט זיך אָן פֿאָראויס, כּדי באַהאַלטן דעם פּנים. דריקט צוזאַמען די פֿינגער פֿון די הענט, מען זאָל ניט זעהן ווי ער ציטערט).

קאַנדידאַ: (ווענדט זיך צו מאָרעלן, לאַכט, אַ באַרוהיגטע אַ ביסל) דו ביסט נאָר שאָקירט, ווײַטער קיין זאַך ניט. אָ, ווי איר זײַט נאָך פֿאַרפּלאָנטערט אין די נעצן פֿון וועלטלעכע בעדינגליכקײַט, איר, די פֿאָרווערטס לײַט!

באָרדזש. הער אויף, קאַנדי, קום צו זיך אַ ביסל. וואָס וועט שוין טראַכטן וועגן דיר מיסטער מערטשבענקס?

קאַנדידאַ: אַזוי האָט מיך מאָרעל געלערנט, אַז יעדע פֿראַגע מוז מען לעזן אַליין פֿאַר זיך, ניט נעמענדיג אין אַכט, וואָס לײַט וועלן וועגן דעם טראַכטן. דאָס אַליין איז זייער שיין, נאָר ביז אונזערע גע-דאַנקען קומען זיך אויס; אָבער איצט, אַז איך טראַכט וועגן אייניגע זאַכן אַ ביסל אַנדערש ווי ער, — קוקט אים אָן! ניין, איר קוקט אים נאָר אָן! (זי ווײַזט אָן אויף מאָרעלן גאַנץ פֿריילעך. עלשען קוקט אויף אים און דריקט צו די הענט צום האַרצן, ווי ער וואָלט פּלוצלינג דערשפּירט אַ ווייטאָג. ער זעצט זיך אַוועק אויפֿן דיוואַן אין צושטאַנד פֿון אַ מענטשן, וועלכער איז אומ-גערן געוואָרן אַ צושויער פֿון אַ טראַגעדיע).

בּאָרדזש. (שטייט אויפן טעפּיך בּיים קאַמין) יאָ, הזשעמס, איר זעט ווירקליך אויס גוט אַזוי פייערליך ווי תמיד.

מאָרעל: (מיט אַ געלעכטער און וועלכן עס הערן זיך טרערן.) יאָ, איר זייט טאַקע אפשר גערעכט. איך בּעט ענטשולדיגן. ס'איז מיר נישט איינגעפאַלן, אַז איך בּין אַזוי אומרויִק אַיך. (בּאַהערשט זיך) גוט, גוט. (ער זעצט זיך אויף זיין פּלאַץ און נעמט זיך צו דער אַרבּעט, ווענדנדיג בּעוויזן, אַז ער איז לחלוטין אין אַ גוטער שטימונג.

קאַנדידאַ: (גייט צום חוואַן און זעצט זיך נעבּן מערטשבּענקס.. זי ווענדט זיך צו אים שפּאָטעריש) נו, און מיט אַייך וואָס האָט געטראָפן, עזשען? וואָס זייט איר אַזוי טרויעריג? אפשר האָט איר עס געוויינט פון די ציבּעלעס? (מאָרעל קוקט זיי ניט ווילנדיג נאָך)

מערטשבּ. (רעט נאָר צו איר) ניין, דאָס איז אייערע אכזריות. איך קען ניט איבּערטראָגן קיין אכזריות.. ס'איז שרעקליך צו קוקן, ווי איין מענטש פּייניגט דעם צווייטן.

קאַנדידאַ: (צערטלט אים שפּאָטעריש) אָרעם קינד! איך בּין זיך ווירקליך בּעגאַנגען מיט אים אכזריות'דיג. איך האָבּ אים געצוואונגען שניידן די קליינע, שלעכטע, רויטע, בּיטערע ציבּעלקעלאַך.

מערטשבּ. (מיט גרויס אויפריכטיקייט) אַך, לאָזט אָפּ, ניט פון זיך רייד איך. איר האָט אים פאַרשאַפן שרעקליכע יסורים. זיין ווייטאָג האָט זיך בּיי מיר אין האַרצן אָפּגערופן. איך ווייס, אַז איר זייט ניט שולדיג, — עס איז פאָרגעקומען דאָס אונפאַרמיידליכע, נאָר בּאַציט זיך ניט דערצו לייכטזיניג. עס שוידערט פון אייער לאַכן, בּשעת איר פּייניגט אים.

קאַנדידאַ: (מיט אומצוטרוי) איך, איך פּייניג הזשעמסן? נאַרישקייטן, עזשען. ווי איר האָט עס אַלץ ליבּ צו איבּערטרייבּן, נאַרישער מענטש! (קערט זיך אום און קוקט אויף מאָרעלן, וועלכער הייבּט אָן שנעל צו שרייבּן. זי גייט צו אים, שטעלט זיך הינטער זיין שטול בּויגט זיך אָן צו אים) גענוג צו אַרבּעטן, ליבּער. קום, שמועס מיט אונז אַ בּיסל.

מאָרעל: (צערטליך, פאַרבּיטערט) אַך, ניין, איך קען נישט רידן, — איך קען נאָר פריידיגן...

קאַנדידאַ: (צערטלט אים) נו, טאָ קום פריידיג אונז.

בּאָרדזש. (פּראָטעסטירט זייער אויפריכטיג) נו, ניין, קענדי. דאָס איז

שׂוין לחלוטין איבעריג.

(עס קומט אַרײַן לעקסי מיט זייער פּאַרדאַגה'ט).

**לעקסי:** (דריקט קאַנדידען די האַנט) וואָס מאַכט איר, מיסטריס מאָרעל? איך בין אַזוי צופרידן, וואָס איך זע אײַך ווידער.

**קאַנדידאַ:** איך דאַנק אײַך, לעקסי. איר זײַט, חלט זיך, באַקאַנט מיט עזשען?

**לעקסי:** אָ, יאָ, וואָס מאַכט איר, מערטשבענקס?

**מערטשב.** אַ דאַנק, — זייער גוט.

**לעקסי:** (צו מאָרעלן) איך גיי פּון גילדיע פון הייליגן מאַטפּיי. זיי זײַנען זייער אונרוהיג פון אײַער רעפּעש. איך האָף, אַז חאַ האָט קיין זאַך חס ושלום נים געטראָפן, ניט אמת?

**קאַנדידאַ:** וועגן וואָס האָסטו רעפּעשירט, דזשעמס?

**לעקסי:** (צו קאַנדידען) מאָרעל האָט היינט בעדאַרפט אַרויסטרעטן. זי האָבן געדונגען אַ גרויסן לאָקאַל אין מעיער־סטריט און האָבן אויסגעגעבן פיל געלט אויף אַפּישן און מיט אַמאָל רעפּעשירט מאָרעל, אַז ער קען נים קומען. חאָס האָט זיי אַזוי צוטומלט, חי אַ דונער וואָלט זיי טרעפן.

**קאַנדידאַ:** (פאַרוואונדערט, הייבט אָן פאַרשטיין, אַז עס האָט פּאַסירט עפּעס אומגעווינליכעס) די האָסט צוגעזאָגט און איצט זאָגסטו זיך אָפּ צו אַרויסטרעטן אויפן פאַרזאַמלונג?!

**באָרדזש.** איך קען זיך וועטן, אַז דאָס טרעפט מיט אים צום ערשטן מאָל אין לעבן. ניט אמת, קענדי?

**לעקסי:** (צו מאָרעלן) זיי האָבן באַשלאָסן רעפּעשירן אײַך דרינגענד אין פרעגן אפשר קענט איר אומבײַטן אײַער באַשלוס. איר האָט ערהאַלטן די דעפּעש?

**מאָרעל:** (קוים וואָס ער באַהערשט זיך) יאָ, יאָ, ערהאַלטן.

**לעקסי:** די איז געווען מיט אַן אָפּגעצאָלטן ענטפער.

**מאָרעל:** יאָ, איך ווייס. איך האָב געענטפערט.. איך קען נישט קומען.

**קאַנדידאַ:** פאַרוואָס, דזשעמס?

**מאָרעל:** (איבערגעבראַכט) דערפאַר וואָס איך וויל ניט. די לײַט פאַרגעסן, אַז איך בין אויך אַ מענטש.. זיי מיינען, אַז איך בין אַ רייד־מאַשין, וועלכע מען קען אָנשטעלן ווען מען וויל נאָר, דעם גאַנצן לעבן! איך האָב דען קיין רעכט ניט צו פאַרברענגען אַן אָוונט אין דער היים מיט מײַן פרוי, מיט מײַנע פרײַנד?

זאַלע, אויסער עזשענען זיינען פֿאַרזאַונדערט פֿון אַזאַ פּלוצלינגע ווענדונג. דער אויסדרוק פֿון זיין פּנים — בייט זיך ניט).

**קאַנדידאַ:** אָ, דזשעמס, דו ווייסט דאָך, אַז מאָרגן וועסטו אָנהייבן חרטה צו האָבן און מיר, חער ערשטער, וועט אויסקומען ליידן דערפֿון.

**לעקסי:** (אַ ביסל פֿאַרלאָרן, נאָר דאָך גאַנץ זיכער) איך ווייס, אַז די שטעלן אייך ווילדע פֿאָדערונגען, נאָר זיי האָבן איבעראַל צושיקט דעפּעשן, זוכנדיג אַן אַנדער רעדנער, און האָבן קיינעם ניט געפֿונען, אויסער דעם פּאָרזיצער פֿון „אַגנאָסטיקער ליגע“.

**מאָרעל:** נו, זייער אַ וואוילער, אָנגעזעהענער מענטש. וואָס דאַרפֿן זיי נאָך?

**לעקסי:** יאָ, ער ווייזט אָבער תמיד אָן אויף דעם אונמעגליכן צוזאַמענבונג פֿון קריסטענטום מיט סאָציאַליזם. ער צושטערט דאָס גוטע, וואָס מיר האָבן באַוויזן צו באַשאַפֿן. איר ווייסט, פֿאַרשטייט זיך, בעסער, אָבער... (ער צווייפֿלט)

**קאַנדידאַ:** (רעט אים איין) פֿאָר, דזשעמס! איך בעט דיך. מיר וועלן אַלע פֿאָרן אַהין.

**באָרדזש.** (קנורט) הער זיך איין, קענדי, אָט וואָס, לאָמיר בעסער בלייבן אין דער היים, דאָ ביים פֿייערל. ער וועט דאָך אַוועקפֿאָרן נאָר אויף אַ פּאָר שעה.

**קאַנדידאַ:** דו וועסט זיך אויפֿן מיטינג שפּירן אויך אַזוי געמיטליך, ווי אין דער היים. מיר וועלן זיך זעצן אויפֿן עסטראַדע און וועלן שפּילן די ראָל פֿון הויכגעשטעלטן פּובליקום.

**מערטשבענקס.** (דערשראָקן) אָ, ניין, איך בעט אייך, נאָר נישט אויפֿן עסטראַדע. אַלע וועלן קוקן אויף אונז.. איך קען עס נישט ליידן. איך וועל זיך זעצן אין עק זאַל.

**קאַנדידאַ:** שרעקט אייך ניט פֿאָראויס. זיי וועלן אַלע אַזוי זיין פֿאַרנומען מיט בעאָבאַכטן דזשעמסן, אַז אונז וועלן זיי אַפֿילו ניט באַמערקן.

**מאָרעל:** (קערט זיך אום און קוקט בעדייטענד אויף קאַנדידאַ איבערן פּלייצע) פּראָסערפּינס מחלה, קאַנדידאַ? יאָ?

**קאַנדידאַ:** (לוסטיג) יאָ.

**באָרדזש.** (פֿאַראינטריגירט) פּראָסערפּינס מחלה? וועגן וואָס רעט איר, דזשעמס?

**מאָרעל:** (מערקט אים נישט להכעיס, הייבט זיך אויף, גייט צום טיר,

עפֿנט זי און רופֿט באַפֿעלענד) מיט נאַרנעט!

**פּראָזעראָף.** (פֿון דערווייטן) גלייך, מיסטער מאָרעל, איך גיי!
(אַלע וואַרטן, איבער באָרדושעס, וועלכער גייט צו לעקבי, נעמט אים אין פֿריט אָפּ אָן אַ זייט).

**באָרדוש.** הערט זיך איין, מיסטער מיל, וואָס איז עס פֿאַר אַ קראַנקייט ביי פּראָסס? וואָס האָט מיט איר געטראָפֿן?

**לעקבי:** (בכבוד) ווי זאָל איך אייך זאָגן, — איך ווייס אויך ניט גענוי, נאָר היינט אין דער פֿרי האָט זי גערעדט מיט מיר אומגעהויערלעך, פֿאַרדולט. איך האָב מורא, אַז זי איז נישט אַלע מאָל ביים זינען.

**באָרדוש.** (פֿאַרטראַכט) דאָס מוז זיין אָנגעשטעקט. פֿיר און איין יאָר איז ניט צוריק צום קאָמען, פֿאַרשפּרייט פֿון דער שרעקלעכקייט פֿון מענטשלעכן אינטעלעקט אין אַ קלעריקאַלער סביבה).

**פּראָזעראָף.** (באַווייזט זיך אויפֿן שוועל) וואָס ווינטשט איר, מיסטער מאָרעל?

**מאָרעל:** דערשפּירט דער מאַטפּייען גילדיע, אַז איך וועל קומען.

**פּראָזעראָף.** (פֿאַרהאַלטנדיק) ווי וואַרטן אייך דען ניט?

**מאָרעל:** (מיט אַ מאַך, וועלכער לייקנט ניט קיין ערווידערונג) גוט, וואָס מען הייסט אייך. (פּראָזערפּינאַ, אַ דערשראָקענע, זעצט זיך צום שרייב-מאַשין. מאָרעל גייט צו באָרדושעסן.. קאַנדידאַ קוקט אים נאָך די גאַנצע צייט מיט אַ שטייגענדע פֿאַרוואונדערונג און שרעק.

**מאָרעל:** באָרדושעס, איך ווילט זיך נישט פֿאָרן?

**באָרדוש.** (מיט אַ בקיוּת טאָן) איר האָט מיך ניט אַזוי פֿאַרשטאַנען, דזשעמס. היינט איז דאָך ניט זונטאָג, — איר ווייסט דאָך אַליין?!

**מאָרעל:** אַ שאָד: און איך האָב געמיינט, אַז איך האָלט אינטערעסאַנט געווען צו באַקאָגען זיך מיטן פֿאָרזיצער.. ער איז אַ מיטגליד פֿון דאָמיטעט איך צו פּאַרטייליך אַרבעט און גרעפֿישן-ראַט און האָט אַ גרייסע ווירקונג ביי אָפּגעבן באַשטעלונגען. (באָרדושעס הערט תיכּף פֿלייסיג. מאָרעל, וועלכער האָט עס פֿאַראויס געזען, וואַרט אַ ווײַלע אין פֿרעגט:) איר וועט קומען?

**באָרדוש.** (ענטוזיאַסטיש) געוויס וועל איך קומען, דזשעמס. שטענדיג איז אַזאַ פֿאַרגעניגן צו הערן אייך!

**מאָרעל:** (צו פּראָסס) איך וועל אייך דאַרפֿן האָבן, מיס גאַרנעט, צו פֿאַרשרייבן איינגע זאַכן בשעתן מיטינג. איבּ איר זייט נישט

פאַרנומען מיט איין אַנדער זאַך... (פּראָזערפּינאַ האָט מורא צו זאָגן „יאָ“ — שאָקלט מיטן קאָפּ) איר, לעקסי, מיין איך, וועט איך קומען?

**לעקסי:** זעלבסטפאַרשטענדליך.

**קאַנדידאַ:** מיר וועלן אַלע קומען, דזשעמס.

**מאָרעל:** ניין, דו און עזשען וועט ניט פאָרן. דו וועסט בלייבן אין דער היים און וועסט זיך דאָ מיט אים אַמוזירן און איך אַזאַ אופן וועסטו יום טוב'דיג אָפּפייערן דיין צוריקקומען אַהיים (עזשען הויבט זיך אויף און שטיקט זיך פון איפּרעגונג).

**קאַנדידאַ:** אָבער, דזשעמס...

**מאָרעל:** (מיט אַווטאָריטעט) איך פאָדער דאָס. נישט דו און נישט ער ווילט דאָך, אייגענטליך, נישט פאָרן (קאַנדידאַ וויל פּראָטעסטירן) באַאונרוהיגט זיך ניט אומזיסט. ביי מיר וועט זיין געגוג עולם און אייך. אייערע פלעצער וועלן זיין באַזעצט פון מענטשן, נאָך ניט איבערצייגטע, וועלכע האָבן מיך נאָך קיינמאָל נישט געהערט.

**קאַנדידאַ:** (באַאונרוהיגט) עזשען, איר ווילט דען ניט פאָרן?

**מאָרעל:** איך האָב מורא, אַז אין עזשענס געגנוואַרט, וועל איך זיך ניט קענען באַגייסטערן. (ער באַציט זיך אַזוי קריטיש צו פרייקיגן קוקט אים אָן) ער ווייס, אַז איך האָב מורא פאַר אים. ער האָט עס מיר אַליין געזאָגט היינט אין דער פרי. ווייל איך אים טאַקע ווייזן, ווי איך האָב פאַר אים מורא, לאָזנדיג אים אונטער דיין השגחה, קאַנדידאַ.

**מערטשבענקס.** (פאַר זיך, מיט געפיל) דאָס איז דרייסט, דאָס איז פיין! (ער זעצט זיך ווידער און הערט צו מיט אַ אָפענעם מויל).

**קאַנדידאַ:** (מיט אַ אונרוהיגן צווייפל) אָבער... אָבער... האָט דען פּאַסירט וואָס, דזשעמס? (זייער אונרוהיג) איך קען ניט פאַרשטיין....

**מאָרעל:** אַך, אַזוי! און איך האָב געמיינט, אַז איך בין דאָס נאַר אַזאַ, וואָס קען ניט פאַרשטיין, מיין טייערע. (ער נעמט איר צערטליך אַרום און קושט זי אין שטערן. קערט זיך אום און קוקט רוהיג אויף מערטשבענקסן).

פאָרהאַנג

# דריטער אַקט.

(נאָך 10 אַ זייגער אין אָוונט. די שטאָרן איף די פענצטער זיינען אַראָפּגעלאָזן, די לאָמפּן ברענען. די שרייב-מאַשין שטייט שוין אין שאַכטל, אויפן שרייב-טיש איז אַלץ אין אָרדנונג. פון אַלץ איז צו מערקן, אַז דער אַרבייטסטאָג איז געענדיגט. קאַנדידאַ און מערטשבענקס זיצן ביים קאַמין, וועלכער הייצט זיך. אויפן קאַמין-ברעט שטייט אַ קאַבינעט-לאָמפּ, באַלייכטנ-דיג פון אויבן מערטשבענקסן, וועלכער זיצט אויפן קליין שטול-בענקל און לייענט אין דער הויך. אויפן טעפּיך, נעבן אים, ליגן אַ סך מאַנוסקריפּטן און עטלעכע ביכער-לידער. קאַנדידאַ זיצט אין פאָטעל מיט אַ מעשענע קאָטשערע אין האַנט. זי האָט זיך אָנגעשפּאַרט פאַרטראַכט און קוקט אויפן שפּיץ קאָטשערע. די פיס האָט זי אויסגעשטרעקט צום פייער אַזוי, אַז די אַבזאַצן שפּאַרן זיך איין אין קאַמין. זי איז אַזוי פאַרטראַכט, אַז זי מערקט גאָר ניט די אַרומיגע סביבה און אויך ניט די אוי-סערגעוויינלעכקייט פון איר פּאָזע).

**מערטשבענקס.** (ריסט איבער דעם לייענען) יעדער דיכטער, וואָס האָט נאָר געלעבט אַמאָל איף דער וועלט, האָט אויסגענוצט דעם גע-דאַנק פאַר אַ סאָנעט. אַ דיכטער מוז עס דורכמאַכן, דאָ וועט שוין קיין זאַך ניט העלפן. (ער קוקט איף קאַנדידאַ, זוכנדיג איר הסכם, און באַמערקט, אַז זי איז גאָר פאַרנומען מיטן קאָ-טשערע) איר האָט מיך נישט געהערט? (קאַנדידאַ ענטפערט ניט) מיסטרעס מאָרעל!

**קאַנדידאַ:** (דערשראָקן) —וואָס?

**מערטשבענקס.** איר האָט מיך געהערט?

**קאַנדידאַ:** (פילנדיג זיך שולדיג, רעט זי מיט אַ איבערגעטריבענע ווייכקייט) אָ, יאָ! דאָס איז זייער שיין. לייענט ווייטער, עזשען. מיר ווילט זיך זייער וויסן, וואָס איז געוואָרן מיטן מלאך.

**מערטשבענקס.** (ביי אים פאַלט אַרויס פון האַנט דער מאַנוסקריפּט) ענטשול-דיגט, — איך דערעס אייך.

**קאַנדידאַ:** איר דערעסט מיר אַדאָר ניט, גלייבט מיר. זעצט פאָר, איך בעט אייך. לייענט ווייטער. נו, עזשען!

**מערטשב.** די ליד מיטן מלאך האָב איך געענדיגט מיט אַ פערטל שעה צוריק; איך האָב שוין באַוויזן אין דער צייט איבערצולייענען נאָך עטליכע זאַכן.

**קאַנדידאַ:** (מיט חרטה) אַך, עס פאַרדריסט מיך זייער, עזשען. אַפּנים די קאָטשערע האָט מיך פאַרכשופט.

**מערטשב.** מיך האָט זי כסדר געבראַכט אין פערלעגנהייט...

**קאַנדידאַ:** פאַרוואָס זשע האָט איר עס מיר ניט געזאָגט? איך וואָלט זי תיכף אַוועקגעלייגט.

**מערטשב.** איך האָב מורא געהאַט צו שטערן אייך. די קאָטשערע האָט אויסגעזעהן, ווי אַ געווער. אַז איך וואָלט געווען אַ פאַרצייט־קעריטער, וואָלט איך אַרויסגעצויגן דעם שווערד פון שייד און וואָלט אים אַוועקגעלייגט צווישן אונז. אויב אין דער צייט וואָלט קומען מאַרעל, וואָלט ער געמיינט, אַז איר האָט זיך באַוואָפנט מיט דער קאָטשערע, ווייל צווישן אונז איז קיין שווערד ניט געווען.

**קאַנדידאַ:** (פאַרוואונדערט) וואָס? (קוקט אים אָן צוטומלט) איך פאַרשטיי אייך ניט גוט. אייערע סאָנעטן האָבן מיר גאָר דעם קאָפּ פאַרדרייט. פאַרוואָס דאַרף עס ליגן צווישן אונז אַ שווערד?

**מערטשב.** (גיט גערן) אָ, נאַרישקייטן! טראַכט נישט וועגן דעם. (וויל אויפהויבן די מאַנוסקריפּטן).

**קאַנדידאַ:** לאָזט זיי צו רוה, עזשען! מיין ליבע צו לידער, אַפילו צו אייערע, האָט אַ גרעניץ. איר האָט פאַר מיר געלעזן מער ווי צוויי שעה, זינט דזשעמס איז אַוועקגעפאָרן אויפן מיטינג. איצט וויל איך אַ ביסל שמועסן.

**מערטשב.** (הויבט זיך אויף דערשראָקן) ניין, איך דאַרף נישט ריידן. (קוקט זיך אום מיט זיין געוויינליכער פאַרלאָרנקייט און גיט צו:) גלייכער פאַר אַלץ וועט זיין, אַז איך וועל גיין אַ ביסל שפּאַצירן אין פּאַרק. (ער גייט צום טיר)

**קאַנדידאַ:** ווייס איך וואָס! דער פּאַרק איז שוין לאַנג געשלאָסן! אָט קומט אַהער, זעצט זיך אויפן טעפּיך און פאַנטאַזירט, ווי איר טוט עס שטענדיג. איך וויל איר זאָלט מיך אינטערעסאַנט אונטערהאַלטן. איר ווילט, יאָ?

**מערטשב.** (ווי דערשראָקן און בעצויבערט) יאָ!

**קאַנדידאַ:** נו, טאָ קומט אַהער. (זי רוקט אָפּ אַ ביסל דעם פאָטעל, כדי געבן אים אַן אָרט. ער צווייפלט אַ ביסל, נאָכדעם זעצט ער זיך,

ליגט דעם קאָפּ צו איר אויף די קני און קוקט איר אין פּנים אַרײַן).

**מערטשב.** אָ, איך האָב זיך געשפּירט אַזוי אומגליקלעך דעם גאַנצן אָוונט, כּל זמן איך האָב זיך אויפגעפירט ווי געהעריג; און ווי נאָר איך טו דאָס, וואָס איך בעדאַרף נישט טאָן — שפּיר איך זיך גליקלעך.

**קאַנדידאַ:** (מיט אַ צאַרטן שפּאַס) אָ, יאָ, איך בין איבערצײַגט, אַז איר שפּירט זיך אַלס לחלוטין אַ הערוואַקסענער מאַנספּאַרשוין, אַלס געפערלעכער, אויסערגעוויינלעכער פאַרפירער און שטאָלצירט הערמיט, — ניט אמת?

**מערטשב.** (הייבט אויף שנעל דעם קאָפּ און קערט זיך לײַכט צו, כּדי גוט באַטראַכטן קאַנדידען) לאַכט נישט! אַז איר וואָלט וויסן, ווי ווײַט בין איך עלטער פאַר אײַך! (ער דרייט זיך אום, אויף די קני זיצנדיג, מיט צוזאַמענגעלייגטע הענט, האַלטנדיג די אײַלענבויגנס בײַ איר אויף די קני און הייבט אָן ריידן מיט אַ וואַקסנדיקער לײַדנשאַפט) איך מעג אײַך זאָגן עטלעכע זינדיגע ווערטער?

**קאַנדידאַ:** (ניט אַרויסבאַווײַזנדיג קיין שרעק, אָדער גלײַכגילטיקייט, באַציענדיג זיך מיט פולן רעספּעקט צו זײַן לײַדנשאַפטלעכן געפיל, נאָר מיט אַ מוטערלעכע, צאַרטע האַרציקייט און דורכגענומען בלויז מיט דער האָפענונג) נײן, דאָס דאַרף מען נישט, נאָר דערפאַר וועל איך אײַך ערלויבן זאָגן אַלץ, וואָס איר פילט ווירקלעך. בוכשטעבלעך אַלץ, וואָס דאָס זאָל ניט זײַן. איך האָב פאַר קיין זאַך קיין מורא ניט, כּל זמן, פון אײַך רעט אַרויס אײַער פערזענלעכער „איך“, און ניט קיין ריטער־פּאָזע, אָדער זינדיגע לײַדנשאַפט, אָדער אַפילו אַ פּאָעטישע פּאָזע — אַלץ איינס. איך פאַרטרוי זיך אײַער עהרע און ערלעכקייט. איצט קענט איר זאָגן אַלץ, וואָס איר ווילט.

**מערטשב.** (די אָנגעשטרענגטקייט פון זײַן פּנים ווערט פאַרשוואונדן, זײַנע אויגן לײַכטן מיט אַ פּאָעטישע בעגײַסטערונג) אָ, איצט קען איך קיין זאַך ניט זאָגן: אַלע ווערטער, וועלכע איך ווייס נאָר, זײַנען פאַרבונדן מיט די, אָדער יענע פּאָזע, חוץ איין וואָרט.

**קאַנדידאַ:** וואָס ווייסט איז עס פאַר אַ וואָרט?

**מערטשב.** (מיט אַ ווייכע צאַרטקייט, ווי פאַרצויבערט אין די קלאַנגען פון ליבן נאָמען) קאַנדידאַ, קאַנדידאַ, קאַנדידאַ, קאַנ־

דידאַ! איך דאַרף עס אײַך זאָגן, ווײַל איר האָט זיך פֿאַרטרויט מײַן עדלע און ערליכקײַט. איך טראַכט קיינמאָל נישט וועגן אײַך, און פֿיל אײַך קיינמאָל נישט אַלס מיסטרעס מאָרעל. פֿאַר מיר זײַט איר שטענדיק קאַנדידאַ.

קאַנדידאַ: איך פֿאַרשטיי. נו, וואָס זשע ווילט זיך אײַך זאָגן דער קאַנדידאַ?

מערטשבענקס: גאָרנישט. איך וויל נאָר טויזנטער מאָל איבערחזרן אײַער נאָמען. שפּירט איר דען נישט, אַז שטענדיק טו איך תּפֿילה איבער אײַך?

קאַנדידאַ: און דאָס וואָס איר קענט תּפֿילה טאָן מאַכט אײַך דען ניט גליקלעך?

מערטשבענקס. אָ, יאָ! איך בין זייער גליקלעך.

קאַנדידאַ: אָט דאָס גליק איז אַ ענטפֿער אויף אײַערע תּפֿילות. ווילט איר נאָך עפּעס מער?

מערטשבענקס. (גליקלעך) אָ, ניין, איך בין אויפֿן הימל, וואו ס'איז נישטאָ קיינע פֿאַרלאַנגען.

(עס קומט אַרײַן מאָרעל, ער בלײַבט שטיין בײַם שוועל און מיט איין בליק נעמט ער אַרום די גאַנצע סיטואַציע).

מאָרעל: (ביזלאַך און אײַנגעהאַלטן) איך האָף, אַז איך שטער אײַך ניט? (קאַנדידאַ הייבט זיך שנעל אויף, ניט אַרויסבאַווײַזנדיק, אַגב, קיין פֿאַרלעגנהייט, און הויבט אָן צו לאַכן, וואָס זי האָט זיך דערשראָקן. עזשען, וועלכער שטייט נאָך אַלץ אויף די קני, האַלט זיך אָן פֿאָטעל, כּדי ניט פֿאַלן און בלײַבט אין אַזאַ פּאָזע קוקנדיק אויף מאָרעלן מיט אַ אָפֿענעם מויל).

קאַנדידאַ: אָ, דזשעמס! ווי דו האָסט מיך דערשראָקן! איך האָב זיך אַזוי פֿאַרטראַכט מיט עזשענען, אַז איך האָב נישט געהערט ווי דו ביסט אַרײַן. ווי איז אַדורך דער מיטינג? האָסט עפּעס גוט גערעדט?

מאָרעל: פֿאַר מײַן גאַנץ לעבן האָט זיך מיר קיין איין מאָל ניט אײַנגעגעבן אַזוי גוט צו ריידן.

קאַנדידאַ: אויסגעצייכנט! און פֿיל געלט האָט מען אויפֿגעקליבן?

מאָרעל: איך האָב פֿאַרגעסן פֿרעגן.

קאַנדידאַ: (ווענדט זיך צו עזשענען) ער האָט, אַפּנים, ווירקלעך זייער גוט גערעדט, ווען ניט, וואָלט ער נישט פֿאַרגעסן פֿרעגן וועגן דעם. (צו מאָרעלן) וואו זײַנען די איבעריקע?

מאָרעל: זיי זײַנען אַוועק אַ סך פֿריער פֿאַר מיר. איך האָב געמיינט, אַז איך וועל זיך גאָר ניט אַרויסקלײַבן פֿון דאָרטן. מסתּמא זײַנען די אַוועק עסן אַוונט-ברויט.

קאַנדידאַ: (מיט אַ טאָן פֿון אַ בעל־הביתטע) אויף אַזאַ אופֿן קען מען ניט שלאָפֿן. איך וועל איר טאַקע גיין זאָגן (אָפּ אין קיך).

מאָרעל: (קוקט אָן ביז מערטשבענקסן) נו!?...

מערטשב. (זעצט זיך מיט אונטערטעניגע פּיס נעבן קאַמין, גאָר ניט אַראָפּפאַלנדיג פֿאַר מאָרעלן, אַדרבה ער שפּירט נאָך אין זיך אַ ליבטן הומאָר) נו?...

מאָרעל: איר ווילט מיר וואָס זאָגן?

מערטשב. קיין זאַך ניט. איך וויל אייך נאָר זאָגן, אַז אַזוי לאַנג ווי איך האָב געשפּילט אַ ראָל פֿון אַ נאַר דאָ, האָט איר עס געטאָן חאָטשן, פֿאַרן עולם.

מאָרעל: איך מיין אָבער, אַז יעדערער פֿון אונז האָט עס געטאָן אויף אַן אַנדער אופֿן.

מערטשב. (שפּרינגט שנעל אויף) ניין, להלוטין אַליין אײנס, אַ האָר ניט אַנדערש! איך האָב פּונקט ווי איר געשפּילט אַ ראָל פֿון אַיין אָנרעכטיקן מענטשן, בעת איר האָט אַרויסבאַוויזן אייער העראָיזם, איבערלאָזנדיג מיך דאָ אַליין מיט קאַנדידען...

מאָרעל: (שרייט אויס אומגערן) מיט קאַנדידען!...

מערטשב. יאָ, מיט קאַנדידען. ווי איר זעט, בין איך שוין דערגאַנגען צו דעם. העראָיזם איז אַנשטעקנד, — איך האָב נעפּאַקט די קרענק בײַ אײַך. איך האָב אַליין זיך געשוואָרן, איך זאָל אין אייער אַבוועזנהייט ניט איבערריידן קיין איין וואָרט אַזעלכן, וועלכן איך וואָלט ניט געוואַגט איבערריידן אין אייער געגנוואַרט נאָך מיט אַ חודש צוריק.

מאָרעל: האָט איר איינגעהאַלטן אייער שבועה?

מערטשב. (פּלוצלינג זעצט ער זיך אַוועק אין פֿאָטעל גאַנץ האָפֿערדיג) איך בין געווען אַזאַ אייזל, אַז נאָך מיט צען מינוט צוריק, האָב איך זיך באמת די שבועה צו מקיים זײַן. ביז דעם מאָמענט האָב איך איפֿן שרעקלעכסטן איפֿן פֿאַרצערט די צײַט, לייענענדיג איר לידער, מײַנע אין פֿרעמדע, כּדי נאָר איינצומיידן ריידן. איך בין געווען בײַם טויער פֿון גן־עדן און דאָב זיך אָפּגעזאָגט פֿון אַרײַנצוגיין אין אים. איר קענט זיך גאָר ניט פֿאָרשטעלן, ווי פֿיל העראָיזם סאיז אין דעם געווען און ווי שווער דאָס איז געווען צו איבערטראָגן... דערנאָך...

מאָרעל: (באַמיט זיך צו מאַכן מערטשבענקסן דריסטער און אָפֿנהאַרציגער) דערנאָך?...

**מערטשב.** (צוליגט זיך פּראָזאַאיש אין פּאָטעל) דערנאָך... איז איר סוף כּל סוף נמאס געוואָרן דער ליינען.

**מאָרעל:** האַן... האָט איר זיך דערנעהענט צום טייער פֿון גן־עדן?...

**מערטשב.** יאָ.

**מאָרעל:** נו? (אויפֿגערעגט) רעדט שוין, זייט זשע מענטשליך! איר פֿאַרשטייט הען נישט אין וואָס פֿאַר אַ צושטאַנד איך בין?

**מערטשב.** (וויך און קלינגענד) דערנאָך איז זי געוואָרן אַ מלאך. עס האָט אַ גלאַנץ געטאָן דער פֿייערדיגער שווערד, וועלכער האָט מיר אומעטום דעם וועג פֿאַרשטעלט, און איך האָב דערזעהן, אַז דער טויער פֿירט אין גיהנום.

**מאָרעל:** (זיגעריש) זי האָט אייך אָפּגעשטויסן!

**מערטשב.** (הייבט זיך אויף און ווענדט זיך צו מאָרעלן פֿול ווילדע פֿאַר־אַכטונג) אַך, ניין, איר גאַרישער מענטש! אויב זי וואָלט אַזוי געטאָן, וואָלט איך דאָך נישט באַוויזן דעם גן־עדן זעהן. מיך אָפּשטויסן? איר מיינט, אַז דאָס וואָלט מיך מציל געווען? — ס'אַ גאָטפֿאַרכטיגע אויפֿגעבראַכטקייט! אָ, איר זייט ניט ווערט צו לעבן מיט איר אין איין וועלט! (מיט פֿערדאַסונג גייט ער אָפּ אין צווייטן עק צימער).

**מאָרעל:** (קוקט אים נאָך רוהיג, ניט בּייטנדיג זיין פּלאַץ) איר מיינט, אַז איר פֿאַרדינט צו ווערט זיין זי, וואָס מער איר באַליידיגט מיך, עושען?

**מערטשב.** אַך, די טייגנט אין ערשטע לעקציע. לאָזט אָפּ מיט אייערע מוסר־זאָגעריי, מאָרעל, איך האַלט פֿון זיי ווייניג און מיין, אַז איך וואָלט עס געקענט בעסער פֿאַר אייך. איצט וואָלט איך וועלן זעהן דעם מענטשן, פֿאַר וועלכן קאַנדידאַ האָט חתונה געהאַט.

**מאָרעל:** דעם מענטשן, פֿאַר וועלכן... איר מיינט עם מיך?

**מערטשב.** איך מיין נישט דעם געעהרטן פּאַסטאָר דזשעמס־מעוואָר־מאָרעל, דעם מאָראַליסט און אויפֿגעבלאָזענעם פּריידיגער. איך מיין דעם עכטן מענטשן, וועלכן דער געעהרטער פּאַסטאָר דזשעמס האָט באַהאַלטן אונטער דעם פּאַסטאָר־סורטוק, — קורץ איך מיין דעם מענטשן, וועלכן קאַנדידאַ האָט ליב געהאַט. איר קענט דאָך נישט ערדייכן קאַנדידעס ליבע נאָר דערמיט, וואָס איר פֿאַר־קנעפּלט אייער קראַגן ניט פֿון פֿאָרנט, נאָר פֿון הינטן!

**מאָרעל:** (דרייסט און רוהיג) ווען קאַנדידאַ האָט באַשלאָסן צו חתונה

האָבן מיט מיר, בין איך געווען דער וועלכער מאָראַליסט און איבערגעבאָוענער פרידיגער ווי איר זעט מיך איצט. איך האָב דאַמאָלס איך געטראָגן אַ שוואַרצן סורטוק און דער קראַגן האָט זיך פֿאַרקנעפּלט פֿון הינטן און ניט פֿון פאָרנט. איר מיינט, אַז די וואָלט מיך שטאַרקער ליב געהאַט אויב איך וואָלט געווען ניט איבערמעדקאַס און איבריכטיג צו דער פּראָפּעסיע, וועלכע איך האָב זיך אויסגעקליבן?

מערטשב. (דענקענדיג איבער דיזען, גלעטענדיג זיך די פּיס) אָ, זי האָט אַייך פֿיל זאַכן מוחל געווען, אָט אַזוי ווי זי איז מיר מוחל מיין ניט הדיסטקייט און שוואַכקייט, ווי זי איז מיר מוחל דאָס, וואָס איך בין, ווי איר האָט עס אָנגערופֿן, אַ קליינער בילנדער היגטל א. ז. וו. (טרוימעריש) אַזעלכע פרויען, ווי קאַנדידאַ, באַזיצן אַ געטליכן געפֿיל־צושטאַנד, — זיי ליבן אונזערע נשמות און ניט אונזערע נאַרישקייטן, פוסטע זאַכן און אידיעס, ניט אונזערע קראַגעלאַך, סורטוקעס אָדער אַנדערע בינטע שמאַטעס, און וועלכע מיר זיינען דראַפּירט. (ער פֿאַרטראַכט זיך אַ ווייַלע און דערנאָך פרעגט ער ענטשלאָסן מאָרעלן) איך וואָלט וועלן וויסן, ווי אַזוי האָט זיך אַייך איינגעגעבן איבערצוגעבן דעם פּיעדיגן שווערד, וועלכער האָט מיר דעם הערץ פֿאַרשטעלט?

מאָרעל: (בעדייַטנד) אפשר האָט מיר קיינער ניט געשטערט אין פּערליך פֿון צעהן מינוט, אַזוי ווי איך.

מערטשב. (ערשטוינט) וואָס?

מאָרעל: אַ מענטש קען העריבן צו דער העכסטער הויך, נאָר לאַנג האַלטן זיך דאָרט קען ער ניט.

מערטשב. ניט אמת. נאָר דאָרט קען ער לעבן אייביג. נאָר דאָרט! אין אַלע אַנדערע מאָמענטן קען ער זיך קיין רוה ניט געפֿינען, קען ער ניט געפֿינען דעם אינהאַלט און געדאַנק פֿון שטילן, שווייגעדיקן גליק פֿון לעבן. וואו דען קענט איר מיר געבן די העכסטע איבערלעבונגען, אויב ניט אויף די העכסטע הויכן?

מאָרעל: אויפֿן קוך, הייניקעדיג ציבעלע און אָנגיסנדיג לאָמפּן...

מערטשב. אָדער אויפֿן קאַפּעדרע, הייניקעדיג קליינינקע נשמות׳לאַך, וועלכע זיינען ענליך צו שמוציגע טעפּ?

מאָרעל: יאָ, דאָס קען מען איך טאָן. דאָרט האָב איך איבערגעלעבט גאָלדענע מינוטן: דאָרט, אין די מינוטן, האָב איך באַקומען רעכט

צו בעטן איר ליבע. איך האָב עס ניט געבעטן ביי איר לייען; איך האָב ניט אויסגענוצט די גליקליכע מינוטן, גנבֿ'ענענדיג זיי ביים עמיצן.

מערטשב. (ניט אָנגענעם פֿאַרוואונדערט, גייט צוריק צום קאַמין) איך בין פֿאָלקאָם איבערצייגט, אַז איר האָט זיך אין דעם פֿאַל אויפֿגעפֿירט אַזוי פֿיין און ערלעך, ווי איר וואָלט עס טאָן בשעתן קייפֿן אַ פֿונט קאַווע. (ער בלייבט שטיין אויפֿן ברעג טעפּיך ביים קאַמין און רעט פֿאַר זיך, שטייענדיג מיטן פּלייצע צו מאָרעלן) איך קען קומען צו איר, בלויז ווי אַ בעטלער.

מאָרעל: (פֿאַרחידושט) אַ בעטלער, וואָס שטאַרבט פֿון קעלט!... וועלכער בעט אַ וואַרימען טוך!

מערטשב. (קערט זיך אום צו אים, פֿאַרוואונדערט) איך דאַנק אייך, פֿאַרן קאָרעגירן מיין ליד. יאָ, אויב איר ווילט: ווי אַ בעטלער, וואָס שטאַרבט פֿון קעלט און בעט אַ וואַרימען טוך.

מאָרעל: (אויפֿגערעגט) און זי האָט אָפּגעזאָגט. זאָגן אייך, פּאַרוואָס, זי האָט אָפּגעזאָגט? איך קען עס אייך זאָגן אויפֿן סמך פֿון אירע אייגענע ווערטער. דאָס איז געווען דערפֿאַר, ווייל...

מערטשב. זי האָט ניט אָפּגעזאָגט.

מאָרעל: ניין?

מערטשב. זי האָט מיר געגעבן אַלץ, וואָס איך האָב נאָר ביי איר געבעטן, — איר וואַרימען טוך, אירע פֿליגלען, איר שטערנדיגן קראַנץ פֿון קאָפּ, די ליליען, וועלכע זי האָט אין די הענט געהאַלטן, און די יונגע האַלבע־לבֿנה, וועלכע איז אונטער אירע פֿיס געלעגן.

מאָרעל: (כאַפּט אים אָן) זאָגט זשע, סוף כל סוף, דעם אמת. מיין פֿרוי — איז פֿונדעסטוועגן מיין פֿרוי: מיר איז שוין נמאס געוואָרן אייער פּאָעטישער פּלוידער! איך פֿאַרשטיי זייער גוט, אַז אויב איך האָב פֿאַרלאָרן איר ליבע, אויב זי האָט עס אייך אַוועקגעגעבן, — איז קיין געזעץ ניט ביכולת צו אָפּהאַלטן זי דערפֿון.

מערטשב. (שפּירנדיג, נאָר ניט אַרויסבאַווייזנדיג קיין שרעק און אין דער זעלבער צייט, ניט אַרויסבאַווייזנדיג איך קיין ווידערשטאַנד) נעמט מיך אָן פֿאַרן קראַגן, נעמט אָן! זי וועט אים ווידער ברייננען אין אָרדנונג, אַזוי, ווי זי האָט עס אין דער פֿרי געטאָן. (מיט אַ רוהיגע צופֿרידנקייט) איך וועל ווידער שפּירן, ווי אירע הענט באַרירן מיך.

מאָרעל: איר ווייסט, יונגער מחבל, ווי געפערליך ס'איז צו דערציילן
מיר אַזעלכע מעשיות? אָהער... (מיט אַ פּלוצלינגן שרעק)
אפשר האָט ווירקליך עפּעס פּאַסירט אַזוינס, וואָס עס גיט אייך
צו מוט און מאַכט אייך דרייסט?

מערטשב. איך האָב שוין מער קיין מורא ניט. איר זייט מיר פריער נייטיג
געווען גענוי, — דערפאַר פּלעג איך אייסמיידן איר זאָלט
מיך אָנרירן. נאָר היינט, אַז איך האָב דערזעהן, ווי זי האָט
אייך געפּייניגט, האָב איך זיך איבערצייגט, אַז איר האָט זי
ליב. פון דאַמאָלס אָן — בין איך אייער פריינד און איר קענט
מיך דערשטיקן, אויב איר ווילט.

מאָרעל: (בעפרייט אים) אויב דאָס איז ניט קיין אַבזורדישער ליגן,
אויב אין אייך איז נאָך דאָ אַ ברעקל מענטשליך געפיל, —
זאָגט מיר, וואָס האָט דאָ פּאַסירט, ווען איך בין ניט געווען?

מערטשב. וואָס האָט פּאַסירט?! דער פריעדריגער שיעדר... (מאָרעל טוט
פּעט מיטן פּוס) ניי, ניט. פּשוט גערעט, האָב איך איר אייי
רין איז פּאַרטרעפליך געליבט, אַז איך האָב זיך נאָר קיין אַנ-
דער גליק ניט געוואונטשן, אויסער נאָר ליב צו האָבן זי אַזוי.
און אויך איך האָב באַוויזן צו אַראָפּ פון דער העכסטער הויך, —
זייט איר אַרײַנגעקומען.

מאָרעל: (מיט טיפע ליד) הייסט עס, — אַליין ניטאָ קיין מוח: עס
הייען נאָך די ספיקות — יסורים...

מערטשב. יסורים: איך בין דער גליקלעכסטער צווישן מענטשן און איצט
וויל איך קיין זאַך ניט, אויסער איר גליק. (לײדנשאַפטליך)
אָ, מאָרעל, לאָמיר זיך ביידע אָפּזאָגן פון איר; צוליב וואָס
דאַרף זי עס אויסקלייבן צווישן אַ אומגליקליכן, קליינינקן,
נעריגן און קראַנקן מענטשן, ווי איך, און אַ פּאַסטאָר מיט
אַ דעמבענעם קאָפּ ווי איר? לאָמיר אַוועקוואַנדערן, איר —
אינס מזרח, איך — אינס מערב און לאָמיר זוכן אַ מענטשן,
ווערדיגער און ווערט איר ליבע: לאָמיר זוכן אַ מלאך מיט פּור-
פּור פליגלען...

מאָרעל: לאָמיר געמאַך מיט די נאַרישקייטן! אויב זי איז באמת אַזוי
זייט מישוגע געוואָרן, אַז זי וועט מיך פאַרלאָזן צוליב אייך, —
וואָס ווער וועט זי באַשיצן? ווער וועט איר קומען צו הילף?
ווער וועט אַרבעטן פון אירט וועגן? ווער וועט זיין אַ פּאָטער
אירע קינדער? (מיט אַ טיפן טרויער זעצט ער זיך אויפן

דיוואַן, האַלטנדיג דעם קאָפּ אין די הענט, איינגעשפּאַרטע אין די קני).

**מערטשב.:** (קנאַקט מיט די פינגער) זי שטעלט ניט אַוועקלעך פראַגן? די אַליין וויל עמיצן באַשיצן, עמיצן העלפן, אַרבעטן פון עמיצנס וועגן, פאַר יענעם, ווער עס האָלט איר איבערגעגעבן די השגחה אויף די קינדער, — זיי צו העלפן און פאַר זיי צו אַרבעטן. זי בעדאַרף אַ דערוואַקסענעם מענטשן, וועלכער זאָל ווידער אַ קינד ווערן. איר זייט אַ נאַר, אַ נאַר, דריי מאָל אַ נאַר, מאַרעל! איך בין דאָס דער מענטש, מאָרעל! איך בין אַזאַ מענטש. (יאָמערנדיג לויפט ער אום איבערן צימער) איר פאַרשטייט ניט וואָס אַזוינס אַ פרוי איז. שיקט נאָך איר, שיקט נאָך איר, מאָרעל, זאָל זי אַליין אויסקלייבן.... (עס עפנט זיך די טיר און ס׳קומט אַריין קאַנדידאַ. מערטשבענקס בלייבט שטיין ווי פאַרשטיינערט).

**קאַנדידאַ:** (איפן שוועל. איבעראַשט) זאָגט מיר, איך בעט אייך, וואָס האָט פּאַסירט, עזשען?

**מערטשב.:** (פאַרלאָרן) צווישן מיר און דזשעמסן קומט פאָר אַ קאָנקורס אויף פריידיגעריי און איך בעוויז אים (קאַנדידאַ מערקט מאָרעלס טיפן טרויער, לויפט זי צו אים, מאַכנדיג מערטשבענקסן אַ שטרייגנן פאָרוואורף).

**קאַנדידאַ:** איר האָט אים איבערגעגט. איך וויל עס ניט מער, עזשען, איר הערט? (זי לייגט מאָרעלן איר האַנט אויפן פּלייצע און אין איר פאַרדראָס פאַרגעסט זי לחלוטין איר טאַקטישקייט) מיין יינגעלע טאָר מען ניט פאַרשאַפן קיין יסורים, איך וועל אים פאַרטיידיגן.

**מאָרעל:** (הויבט זיך אויף, מיט שטאָלץ) פאַרטיידיגן?

**קאַנדידאַ:** (הערט עס ניט צו און פרעגט מערטשבענקסן) וואָס אַזוינס האָט איר אים געזאָגט?

**מערטשב.:** (זייער פאַרוואונדערט) גאָרנישט. איך...

**קאַנדידאַ:** עזשען! גאָרנישט? ס׳איז אמת?

**מערטשב.:** (תחנונים׳דיג) איך האָב געוואָלט זאָגן... ס׳טוט מיר זייער לייד... מער וועל איך עס ניט טאָן, בנאמנות — ניט. איך וועל אים לאָזן צו רוה.

**מאָרעל:** (באַליידיגט, מאַכט אַ באַוועגונג, ווי ער וואָלט זיך וועלן וואַרפן אויף אים) ער וועט מיך לאָזן צו רוה! איר זייט אַ שנעק!...

קאַנדידאַ: (האַלט איהם אָפּ) שטילער!.... לאָז, איך וועל זיך מיט איהם דורכריידען, חשעמס.

מערטשבּ. אָ, איהר ווייסט דאָך ניט ביז איצט מיר? יאָ, נישט ביין?

קאַנדידאַ: ניין, ביין, וייער ביין. איך האָב כמעט באַשלאָסען בעטען אייך פאַרלאָזען אונזער הויז.

מאָרעל: (פאַרוואונדערט פון קאַנדידעס ענערגיע און אין דער זעלבער צייט באַליידיגט מיט דעם, וואָס זי, אַ פרוי, וויל איהם באַשיצען פון אַ מאַנסבּאַרשוין) רוהיג, קאַנדידאַ, רוהיג. איך בין אַליין ביכולת צו באַשיצען זיך.

קאַנדידאַ: (צערטעלט איהם) איך ווייס, טייערער, אַז דו ביסט אַליין ביכולת. נאָר קיינער טאָר דיך נישט באַליידיגען און פאַראומערן דיר דיין לעבען.

מערטשבּ. (כמעט מיט טרערן; גייט צום טיר) איך וועל אַוועקגיין.

קאַנדידאַ: אָ, ניין, איהר דאַרפט נישט אַוועקגיין. איך קען אייך ניט אַרויס־טרייבען פון שטוב אַזוי שפּעט (אויפגעבראַכט) שעמט אייך, שעמט אייך!

מערטשבּ. (פאַרזאַרגט) אָבער, וואָס אַזעלכעס האָב איך געטאָן?

קאַנדידאַ: פאַר מיר איז אַזוי קלאָר, וואָס איהר האָט דאָ אָפּגעטאָן, פּונקט, ווי איך וואָלט דאָ געווען. מיאוס פאַר אייך! איהר זייט ענליך אויף אַ קינד. וועלכע קען ניט האַלטען דעם צונג הינטער די ציין.

מערטשבּ. איך וואָלט ליבער צעהן מאָל שטאַרבען, איידער פאַרשאַפען אייך ליידען כאָטש אויף איין רגע.

קאַנדידאַ: (מיט האַס צו די דיסע רביינים) וואָס קען מיר העלפען אייער טויט?

מאָרעל: מיין ליבע קאַנדידאַ, דער קריגען זיך איז גאָר ניט אַזוי שיין. האָב באַרירט אייגענטליך אונז, מענער, און איך בין מחויב צו ערליידיגען די זאַך.

קאַנדידאַ: מענער? איהם רופסטו אָן „מאַן"? (צו עזשענען) איהר זייט אַ נאַרישער שנעק און ווייטער גאָר נישט!

מערטשבּ. (אָנגעווענדעט זיך מיט, נאָך קאַנדידעס פריינדליך־ביזן אויס־געשריי, וואָס ער מיט אַ ליידען הומאָר) אויב איהר ווילט מיך, אַלס שנעק, דאַן דאַרפט איהר שוין אָננעמען מיין ייִנגליישן מחילה בעטען. ער האָט דער ערשטער אָנגעהויבען, — און ער איז גרעבער פאַר מיר.

**קאַנדידאַ:** (אַ ביסל פֿאַרלירנדיק די איבערצייגונג, מוראדיק בלאַנדיג, אַז מאַ־רעלס זעלבסט־שאַץ זאָל ניט ליידן) דאָס קען ניט זיין! (צו מאַרעלן) ניט דו האָסט דאָך אָנגעהויבן דער ערשטער, דזשעמס?

**מאַרעל:** (מיט האַס) ס'פֿאַרשטייט זיך, אַז ניט איך.

**מערטשב.** (אויפֿגעבראַכט) אָ!

**מאַרעל:** (צו מערטשבענקסן) איר האָט פֿאַרפֿירט די גאַנצע געשילדערטע היינט אין דער פֿרי. (קאַנדידאַ אַסאָציאירט תיכּף מאַרעלס באַמערקונג מיט הײַם, וואָס ער האָט איר געזאָגט בײַטאָג עפּעס וועגן עזשענס אַ ווערטל און קוקט אים נאָך מיט אַ וואַקסנדן חשד. מאַרעל טוט ווײַטער ענערגישער, פֿילנדיק זיך העכער פֿון זײַן קאָנקורענט און אין דער זעלבער צײַט אַ באַליידיקטער) נאָר אײַער צווייטער מחילה בעטן איז אַ ריכטיקער. יאָ, פֿון אונז צווייען, בין איך דער גרעסערער און כּיהאָפֿ, אַז אויך דער שטאַרקערער, קאַנדידאַ. העריבער לאָז בעסער מיך ער־לײדיקן די זאַך.

**קאַנדידאַ:** (באַרויִקט אים ווידער) געוויס, מײַן טײַערער, נאָר... (אין פֿערלעגנהייט) איך פֿאַרשטיי ניט, וואָס איז פֿאָרגעקומען היינט אין דער פֿרי?

**מאַרעל:** (מיט אַ צאַרטן פֿאָרוואורף) דו דאַרפֿסט עס נאָרניט פֿאַר־שטיין, מײַן טײַערע.

**קאַנדידאַ:** אָבער האָך, דזשעמס, איך (מען קלינגט אין אַרײַנגאַנגס־טיר) ניט צו דער צײַט! אָט קומען זיי שוין צוריק. (זי גייט עפֿענען די טיר).

**מערטשב.** (לויפֿט צו צו מאַרעלן) אָ, מאַרעל, איז עס הען ניט שרעק־ליך? זי איז ברוגז אויף אונז. זי האָט מיך פֿײַנט! וואָס זאָל איך טאָן?

**מאַרעל:** (מיט אַ קאָמישן יאוש כאַפּט ער זיך פֿאַרן קאָפּ) עזשען, מיר שפּאַלט זיך דער מוח. איך שפּיר, אַז באַלד וועל איך אָנ־הויבן לאַכן. (ער גייט אום הין און צוריק איבערן מיטן צימער).

**מערטשב.** (גייט אים נאָך אומגעדולדיק) ניין, אַך, ניין, איך בעט אײַך, לאַכט נישט, וואָרום זי קען מיינען, אַז איך האָב אײַך געבראַכט צו היסטעריקע.

(עס הערן זיך דערצעהענטערנדיקע דרייסטע שטימען און גע־לעכטער. לעקסי מיל, בײַ וועלכן די אויגן פֿינקלען און אין

גאַנצן איז ער אונגעהיינגלעך באַלעבאַט, — קומט אַריין מיט באָרד־
שטעקן, וועלכער איז צופֿרידן, באַדעקט מיט אַ פעטן שוויס,
נאָר ער באַהערשט זיך פֿאָלקאָם. נאָך זיי גייט מים גאַרנעט
אין איר בעסטן אָנצוג און הוט. אירע אויגן גלאַנצן אונגעוויינ־
לעך. זי זעצט זיך מיטן פּלייצע צום שרייב־מאַשין, טישל,
שפּאַרט זיך אָן מיט איין האַנט, און מיט דער אַנדערער האַלט
זי דעם קאָפּ, ווי ער וואָלט געשווינדלט פֿון מידקייט. מערטש־
בענקס פֿאַלט אַריין אין זיין געוויינליכן צושטאַנד — שעמעוודיג
און פֿאַרלאָרן — און באַהאַלט זיך אין ווינקל, אַרום פענסטער,
דאָרט, וואו עס ליגן מאַרעלס ספֿרים).

לעקסי: (מיט אַ פֿריילינע פּינקטליכקייט) מאַרעל, איך דאַרף אייך גראַטולירן. (חריקט אים די האַנט) וואָס פֿאַראַ פאַרנעמע, גלענצנדע און בעגייסטערטע רעדע דאָס איז געווען. איר האָט אליין זיך איבערגעשטייגט.

באָרדוש. ריכטיג, הערשעמס. איך האָב קיין איין מאָל ניט איינגעדרימלט ביזן סוף לעקציע, — ניט אמת, מים גאַרנעט?

פּראָזערף. (מיד) אָ, איך האָב קיין צייט ניט געהאַט אייך נאָכצוקוקן. איך האָב געשריבן מאַכן נאָטיצן. (נעמט אַרויס דאָס טאַשן־ביכעלע און קוקט אויף די סטענאָגראַפֿישע אותיות. זיי זיינען אַזוי ניט קלאָר, אַז די ברייננען זי צו טרערן).

מאַרעל: איך האָב גערעדט צו גיך, פּראָססי?

פּראָזערף. שרעקליך גיך. איר ווייסט, איך קען דאָך ניט פֿאַרשרייבן מער די ניינציג ווערטער אין אַ מינוט. (זי באַרוהיגט זיך אַ ביסל, אַ וואָרפֿטאָגדיג דאָס ביכעלע איבן טישל, כדי מאָרגן אים ערשט איבערשטודירן).

מאַרעל: (באַרוהיגט זי) נו, געטוי, גענוג, כ'זעט זיין רעכט. איר האָט שוין אַלע געגעסן אָונט־ברויט?

לעקסי: מיסטער באָרדושעס איז געווען אַזוי ליבנסווירדיג, אַז ער האָט אונז אַלעמען מכבד געווען מיט אַ אויסגעצייכנטן אָונט־ברויט ביי בעלגראַוין.

באָרדוש. (מיט געמאַכטע גרויסמוטיקייט) ניטשטאָ פֿון וואָס צו רייזן, מיסטער מיל. (בעשיידן) עס פֿרייט מיך זייער, וואָס אייך איז געפֿעלן מיין בעשיידענער כבוד.

פּראָזערף. מיר האָבן געטרונקען שאַמפּאַניער. איך האָב עס קיינמאָל ניט געטרונקען, דערפֿאַר דרייט מיר דער קאָפּ.

**מאַרעל:** (פאַרוואונדערט) אַ אָונט־ברויט מיט שאַמפּאַניער! דאָס איז אַ ריכטיגער כּבוד. שוין ושע האָט עס מײַן שײנע דרשה אַרויסגערופן אַזאַ האָפּערדיקײט?

**לעקסי:** (ריטאָריש) אַלער שײנע דרשה אין די ענדלאָזע טטסקײט פון מיסטער באָרדזשעס. (מיט אַ נײַעם שטראָם פרײליכע בעגײַסטערונג) אַך, מאַרעל! סאַראַ זעלטענער נפש דער פאָרזיצער איז! ער איז אויך געווען מיט אונז צו אָונט־ברויט.

**מאַרעל:** (קוקט אויף באָרדזשעסן פאַרדעכטיג) אַ־אַ־אַ!... דער פאָרזיצער! נו, איצט פאַרשטײ איך.

(באָרדזשעס, וועלענדיג בעשיידן באַהאַלטן זײַן דיפּלאָמאַטישן שפּיצל, וועלכן ער האָט חאָ אָפּגעטאָן, — הוסט ער שטיל און גייט אָפּ צום קאַמין. דער בעגײַסטערטער לעקסי, בלײַבט שטײן בײַם עטאַזשערקע מיט צונויפגעקרײצטע הענט איבערן האַרצן. עס קומט אַרײַן קאַנדידאַ. זי טראָגט אויף אַ טאַץ ציטרינען, גלעזער און אַ קרוג הייסע וואַסער).

**קאַנדידאַ:** ווער וויל לימאָנאַדע? איר ווייסט דאָך אונזער מנהג: עס טאָר אַבסאָלוט נישט אַרײַנקומען אין שטוב קײן שטאַרקע געטראַנקען. (זי שטעלט דעם טאַץ אויפן טיש, נעמט דעם ציטרין־דריקער אין האַנט און קוקט אַלעמען אָן).

**מאַרעל:** אומזיסט איז דײַן טרחה, מײַן טײַערע, זיי האָבן אַלע געטרונקען שאַמפּאַניער און פּראָססי האָט געבראָכן איר נדר.

**קאַנדידאַ:** (צו פּראָזערפּינאַ) איר האָט אויך געטרונקען שאַמפּאַניער?

**פּראָזערפּ.** (פאַר׳עקשנ׳ט) יאָ, געטרונקען. איך האָב אויף זיך גענומען אַ נדר ניט טרינקען קײן ביר, אָבער ניט קײן שאַמפּאַניער. איך האָב נישט ליב קײן ביר. מיסטער מאַרעל, פאַראַן בריוו, וועלכע מען דאַרף ענטפערן?

**מאַרעל:** ניין, ניט היינט.

**פּראָזערפּ.** אויב אַזוי, טאָ האָט איך אַלע אַ גוטע נאַכט.

**לעקסי:** (עלעגאַנט) אפשר איז גלײַכער איך זאָל איך באַגלייטן אַהיים?

**פּראָזערפּ.** ניין, אַ דאַנק. היינט קען איך זיך קיינעם ניט אָנטרויען. צוליב וואָס האָב איך געטרונקען די העסליכע משקה?... (שנעל אָפּ)

**באָרדזש.** (ברוגז) ווי געפעלט עס איך? העסליכע! זי מיידל האָט קײן שום ידיעה ניט אין שאַמפּאַניער. מיר האָבן דאָך געטרונקען די אמת׳ע „פּאָמערי און גרענאַ", צו צוואַנציג שי־

ליגט אין זעקס פּענס אַ בוטל. זי האָט אין אַ הויף עין אײַנ־געטונקען צוויי גלאָז.

**מאַרעל:** (מיראַדאַבנדיג פאַר פּראָווערפּינעס צושטאַנד) גייט לעקסי, זעט, וואָס מיט איר איז.

**לעקסי:** (דערשראָקן) נו, און אויב די איז הירקליך ניט נאָר.... אויב די וועט אָנהייבן זינגען אין מיטן גאַס, אָדער נאָך אַזעלכע זאַכן?...

**מאַרעל:** אָט ריען דעם וועט זיך דאָך. דעריבער וואָלט טאַקע בעסער געווען, ווען איר באַגלייט איר אַהיים בשלום.

**קאַנדידאַ:** גייט, לעקסי. זייט אַ גוטער יינגל. (זי דריקט אים די האַנט און שטופּט אים צום טיר).

**לעקסי:** אַפּנים, אַז מען האָרף גיין, נאָר איך האָף, אַז עס וועט זיין ניט נייטיג. אַ גוטע נאַכט. (אָפּ. קאַנדידאַ פאַרשפּאַרט די טיר).

**באָרדוש.** נאָך די ערשטע צוויי טראָפּנס האָט ער זיך אָנגעהויבן וועגן מיט אָנשטענדיגקייט. ניין, מען קען איצט ניט טרינקען. (גע־ענדיגט די רעכנות וועגן דעם ענין, גייט ער אָפּ פון קאַמין) נו, דושעמס, צייט גיין אַהיים. מיסטער מערטשבענקס, אפשר וועט איר מיר פאַרשאַפן דאָס פאַרגעניגן און ערלויבן באַ־גלייטן אייך אַ שטיקל וועג?

**מערטשב.** (דערשראָקן) יאָ, יאָ, גלייבער טאַקע אַוועקגיין. (ער אײַלט צום טיר, נאָר קאַנדידאַ פאַרשטעלט אים דעם וועג).

**קאַנדידאַ:** (מיט אַ רוהיגע אויטאָריטעטע שטימע) זעצט אייך. איר וועט נאָך איצט ניט אַוועקגיין.

**מערטשב.** (זיצט זיך אנידער) ניין, איך... האָב ניט געטראַכט... (קערט זיך אים צוריק און ווי אַ נידערגעשלאָגענער זעצט ער זיך אויפן הייזאַן).

**קאַנדידאַ:** מיסטער מערטשבענקס געבליבט ביי אונז, פאָטער.

**באָרדוש.** אויב אַזוי, מאַ האָט אַ גוטע נאַכט. איך זייהערטען, דושעמס. (קושט מאַרעלן די האַנט, גייט צו קאַנדידאַ) זאָגט מען זאָל איך געבן אַ נאַכט־לאָמפּ, מיסטער מערטשבענקס; ליכט וועט איך באַהיטן, אויב איר וועט זיך אויפכאַפּן פון אַ צופאַל פון אייער טרינקען. אַ גוטע נאַכט.

**מערטשב.** אַ דאַנק. איך וועל אַזוי טאָן. אַ גוטע נאַכט, מיסטער באָר־

זשעס. (הריקן איינער דעם צווייטן די הענט. באָרדזשעס גייט צום טיר).

קאַנדידאַ: (פֿאַרהאַלט מאָרעלן, וועלכער וויל גיין באַגלייטן באָרדזשעסן) בלייב דאָ, ליבער, איך וועל העלפֿן דעם פּאַפּאַ אָנטאָן דעם מאַנטל. (גייט מיט באָרדזשעסן).

מערטשב. מאָרעל, אונז שטייט פֿאָר באַלד אַ שרעקלעכע סצענע, — איר האָט קיין מורא נישט?

מאָרעל: ניין, אַ האָר נישט.

מערטשב. מיר איז קיינמאָל נישט אויסגעקומען צו מקנא זיין דרייסטקייט. (פֿאַרשעמט הויבט ער זיך אויף און רירט אָן מאָרעלן מיט אַ האַרציגן בקשה־טאָן) איר וועט מיר העלפֿן, ניט אמת?

מאָרעל: (באַזייטיגט אים ווייך, נאָר ענטשלאָסן) איצט — איז יעדערער פֿאַר זיך, עזשען. די נאַרף אויסוויילן צווישן מיר מיט אײַך. (ווי נאָר קאַנדידאַ קומט אַריין, גייט ער אָפּ אין צווייטן צימער. עזשען זעצט זיך אויפֿן דיוואַן. ער זעט אויס ווי אַ שילער, וואָס האָט שטיפֿנדיג עפּעס אָפּגעטאָן אַ שפּיצל, און איצט האָט ער חרטה...)

קאַנדידאַ: (שטעלט זיך צווישן די, רעט צו עזשענען) איך פֿאַרדריסט אויף דעם, וואָס ס'האָט פּאַסירט?

מערטשב. (אויפֿריכטיג) יאָ, עס טוט מיר ווי דאָס האַרץ.

קאַנדידאַ: נו, גוט, אויב אַזוי — בין איך אײַך מוחל. און איצט גייט אין בעטעלע אַריין און פֿירט זיך אויף פֿיין, ווי עס האַרף זיך אויפֿפֿירן אַ קליינער, וואוילער יינגעלע. איך וויל זיך דורכשמועסן מיט הישעמסן וועגן אײַך.

מערטשב. (אין גרוים פֿאַרלעגנהייט) אָ, איך קען ניט. מאָרעל, איך מוז בלייבן דאָ. איך קען נישט אַוועק פֿון דאַנען, זאָגט עס איר.

קאַנדידאַ: (שפּירנדיג, אַז איר חשד ווערט באַשטעטיגט) וואָס אַזינס דאַרף ער מיר זאָגן? (מערטשבענקס מײַדט אויס קאַנדידעס בליק, דאַן קוקט זי אָן פֿאַרשענדיג מאָרעלן).

מאָרעל: (שטאַרקט זיך פֿאַר דער אָנקומענדער קאַטאַסטראָפֿע) איך האָב איר ניט וואָס צו זאָגן, אויסער דעם, אפֿשר, (בײַ די ווערטער ווערט זײַן שטים ריטמיש און טרויעריג־צאַרט) וואָס זי איז מײַן איינציגע טרייסט אויף דער וועלט, אויב זי איז נאָר בכלל מײַנע.

**קאַנדידאַ:** (קאַלט, באַליידיגט מיט דעם רעדנערישן טאָן פון מאָרעלן, וועלכער רעט צו איר אַזוי ווי צום פּובליקום פון גילדיע פון הייליגן מאַטפיי) איבער דאָס איז גאָר, וואָס דו קענסט מיר זאָגן, ביז איך איבערצייגט, אַז עזשען קען זאָגן ניט ווייניגער.

**מערטשב.** (פּאַרלאָרן) מאָרעל, ד לאַכט אונז אויס.

**מאָרעל:** (פּלוצלונג איבערגעבראַכט) ניטאָ דאָ איבער וואָס צו לאַכן! ה לאַכסט אונז אויס, קאַנדידאַ?

**קאַנדידאַ:** (איבערגעבראַכט, נאָר רוהיג) עזשען איז גאַנץ באַמערקזאַם, הזשעמס. איך האָף, אַז מיר וועט אויסקומען לאַכן, נאָר איך בין ניט איבערצייגט, אַז איך וועל ניט אין כעס ווערן (זי גייט צום קאַמין, לעהנט זיך אָן מיט די הענט אָן קאַמין-ברעט און ד פוס שטעלט זי אויפן ברעג פון ברען-פּלאַץ. עזשען גייט שטיל צו מאָרעלן און ציט אים פאַרן אַרבל).

**מערטשב.** (בסוד) מאָרעל, שווייגט. לאָמיר בידע איר קיין וואָרט ניט זאָגן.

**מאָרעל:** (שטויסט אים אָפּ, ניט קוקנדיג אויף אים אַפילו) איך האָף, אַז ה קלייבסט דיך ניט אָנשרעקן מיך, קאַנדידאַ?

**קאַנדידאַ:** (מיט אַ ערנסטן און וואָרענדן טאָן) זיי פאָרזיכטיג, הזשעמס. איך האָב דאָך אייך געבעטן אַוועקגיין, עזשען! איר העט אַוועקגיין?

**מאָרעל:** (טופּעט מיטן פוס) ער וועט ניט אַוועקגיין! איך וויל ער זאָל דאָ בלייבן!

**מערטשב.** איך גיי אַוועק. איך וועל טאָן אַלין, וואָס איר ווילט. (גייט צום טיר).

**קאַנדידאַ:** בלייבט דאָ! (ער פאָלגט) איר האָט דען ניט געהערט, אַז הזשעמס וויל איר זאָלט דאָ בלייבן? הזשעמס איז דאָ בעל הבית. איר האָט עס דען ניט געוואוסט?

**מערטשב.** (ווערט איבערגעבראַכט מיט אויפרעגונג פון אַ יונגן דיכטער קעגן יעדן גוואַלד-טאַט) בעל-הבית? מיט וואָס פאַר אַ רעכט?

**קאַנדידאַ:** (רוהיג) זאָג אים הזשעמס.

**מאָרעל:** (אין פאַרלעגנהייט) מיין טייערע, איך ווייס ניט פון אַזעלכע רעכט, וועלכע זאָלן מיך דאָ מאַכן פאַרן בעל-הבית. איך פאָדער גאָרנישט אַזעלכע רעכט.

**קאַנדידאַ:** (מיט אַ שטאַרקן פאָרוואורף) דו ווייסט נישט... אַ, הזשעמס,

ה'שעמס. (צו עזשענען) נו, און איר, עזשען, פֿאַרשטייט?
ניין, איר זײַט נאָך צו יונג דערויף... נו, גוט, איך ערלויב
אײַך דאָ צו בלײַבן, — בלײַבט דאָ און לערנט זיך. (זי גייט
אָפּ פֿון קאַמין און שטעלט זיך צווישן מאָרעלן און עזשענען)
נו, ה'שעמס, וואָס איז געשעהן? דערצייל אַלץ.

מערטשב. (בכּבוד און מיט שרעק צו מאָרעלן) רעדט נישט. דערציילט קיין זאַך נישט.

קאַנדידאַ: ניין, ניין! דערצייל אַלץ, אַלץ...

מאָרעל: (לאַנגזאַם) פֿאַרשטייסט, קאַנדידאַ, איך האָב דיך געוואָלט ביס־לאַכוויַז פֿאַרבאַרייטן, כּדי עס זאָל נישט פֿאָרקומען קיינע מיס־פֿאַרשטענדענישן.

קאַנדידאַ: איך גלייב דיר, ליבער, נאָר זײַ נישט אומרוהיג, קיינע מיספֿאַר־שטענדענישן וועלן ניט זײַן.

מאָרעל: נו... אויף אַזאַ אופֿן... (האַקט אָפּ ניט זיכער, ניט געפֿי־נענדיג די נויטיגע ווערטער צום פֿירן ווײַטער אויף דער טעמאַ אַ שמועס, וועלכן ער האַלט פֿאַר אונבאַדינגט נויטיג).

קאַנדידאַ: נו!

מאָרעל: (סוף כּל סוף באַשלאָסנדיג) עזשען זאָגט, אַז דו ביסט פֿאַר־ליבט אין אים.

מערטשב. (שרעקליך איבערגעבראַכט) ניין, ניין, ניין! איך האָב עס נישט געזאָגט, מיסטער מאָרעל, ס'איז אַ ליגן! איך האָב געזאָגט, אַז איך האָב אײַך ליב און ער ניט, אַז איך פֿאַרשטיי אײַך און ער איז ניט בײכולת צו פֿאַרשטיין אײַך. און דאָס אַלץ האָב איך אים געזאָגט נאָך פֿאַר אונזער שמועס דאָ, בײַם קאַמין, איך שווער אײַך. מיר האָבן גערעדט וועגן דעם הײַנט אין דער פֿרי.

קאַנדידאַ: (הייבט אָן פֿאַרשטיין) הײַנט אין דער פֿרי?

מערטשב. יאָ... (ער קוקט איר אָן בקשה'דיג, ווי ער וואָלט בעטן צוטרוי און ניט צו) אָט פֿאַרוואָס מײַן קראַגן איז געווען אין אונאָרדנונג;

קאַנדידאַ: (שווײַגט אַ ווײַלע. זי האָט פֿאַרשטאַנען וואָס ער מיינט) אײַער קראַגן! (אַ שאָקירטע. צו מאָרעלן) אָ, ה'שעמס! שוין זשע האָסטו...

מאָרעל: (פֿאַרשעמט) דו ווייסט דאָך, קאַנדידאַ, ווי מיר איז שווער צו באַזיגן מײַן אויפֿרעגונג; און ער האָט מיר אַ זאַך געטאָן, (ציטערט) אַז דו האָסט מיך פֿײַנט, קענסט מיך ניט אָנקוקן...

קאַנדידאַ: (קערט זיך אום שנעל צו עושענען) איר האָט עס געזאָגט?

מערטשב.: (מיט שרעק) ניין!

קאַנדידאַ: איר ווילט זאָגן, אַז ר׳שעמס האָט מיר איצט געזאָגט אַ ליגן?

מערטשב.: אָך, ניין! איך... (מיט יאוש באַשליסט ער קלאָר מאַכן די לאַגע) עס האָט זיך געשמועסט וועגן הודים פּרוי; מיר האָבן גערעדט ניט וועגן פאַמיליע־לעבן, נאָר וועגן דעם, וואָס זי האָט געשפּירט, זעהענדיג ווי ער טאַנצט פאַרן עולם.

מאָרעל: (כאַפּט אויף זיין אַרגומענטאַציע ווי אַ געניטער פּאָלעמיסט, וועלכער איז געוואוינט צו פּאַרירן אָנפאַלן) יאָ, זעהענדיג ווי ער טאַנצט פאַרן עולם, קאַנדידאַ, און ער האָט אַגב געמיינט, אַז ער וועט ווירקן אויף זייערע הערצער, און זיי האָבן הערפין נאָר באַקומען פּראָסטים מחלה. (קאַנדידאַ וויל פּראָטעסטירן, נאָר מאָרעל הויבט אויף די האַנט, אָפּשטעלנדיג זי און שרייט אויס) באַמיה דיך ניט צו פאַרשטעלן זיך פאַר אַ באַליידיגטע, קאַנדידאַ.

קאַנדידאַ: באַמיה זיך ניט צו פאַרשטעלן!?...

מאָרעל: (זעצט פאָר) עושען איז גערעכט. דו האָסט אַליין געזאָגט, אַז ער איז שטענדיג גערעכט. נאָר ער האָט קיין זאַך ניט געזאָגט אַרויס, וואָס דו וואָלסט ניט געקענט זאָגן בעסער פאַר אים. ער — איז אַ דיכטער, וועלכער פאַרשטייט אַלץ, און איך — בין אַ אָרימער פּאַסטאָר, וועלכער פאַרשטייט קיין זאַך ניט.

קאַנדידאַ: (מיט חרטה) איז שוין זשע גענומען אין בעטראַכט, וואָס אַ נאַרישער יונגל טוט אַ זאָג, נאָר מחמת דעם, וואָס איך האָב איך עטוואָס ענליכעס געזאָגט שפּאַסנדיג?

מאָרעל: דער נאַרישער יונגל קען ריידן מיט בעגייסטערונג פון אַ קינד און מיט פאַררעטערישן גיפט פון אַ שלאַנג. ער זאָגט, אַז דו געהערסט אים און ניט מיר; צי איז דאָס אמת, צי ניט, — נאָר איך הויב אָן מורא צו האָבן, אַז דאָס הויבט אָן ווערן אַן אמת. איך וויל זיך מער ניט פּלאָגן פון ספיקות און חשד. איך וויל נישט לעבן מיט דיר און האָבן פון דיר בעהאַלטענע זאַכן. איך וויל נישט ליידן קיין העסליכע ערנידערונגען פון איפערזוכט. און דעריבער האָבן מיר — איך און ער — באַשטימט, אַז דו דאַרפסט אויסקלייבן איינעם פון אונז. איך וואַרט דיין באַשלוס.

קאַנדידאַ: (טרעט אָפּ שטיל. באַליידיגט פון זיין ריטאָריק, ניט קוקנדיג

אויף דעם, וואָס אין דיינע הייד איז דאָ אויפריכטיגע געפיל) הייסט עס, אַז איך דאַרף אויסקלייבן? איך זע, אַז איר האָט באַשלאָסן, איך זאָל געהערן נאָר איינעם פון אייך?

מאָרעל: (פעסט) יאָ, באַשלאָסן. דו האַרפּסט, סוף כל סוף, אויס־קלייבן.

מערטשב. (אומרוהיג) איר האָט ניט פאַרשטאַנען, מאָרעל. זי וויל זאָגן, אַז זי געהערט בכלל נאָר זיך אַליין.

קאַנדידאַ: (צו מערטשבענקסן) יאָ, איך מיין אַזוי, און אפשר נאָך מער; איר וועט זיך באַלד ביידע איבערצייגן. און איצט ערלויבט מיר אייך צו פרעגן, מיינע הארן און באַפעהלער, וויפיל וועט איר מיר באַצאָלן פאַרן אויסקלייבן? עס ווייזט אויס, אַז איך פאַרקויף זיך פון אַן אַאוקציאָן... וויפיל ביסטו, דזשעמס?

מאָרעל: (מיט אַ ביטערן פאָרוואורף) קאַנדי.... (זיין שטים ווערט איבערגעריסן, די אויגן ווערן פול טרערן; דער רעדנער איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ פאַרוואונדעטע חיה) איך קען נישט ריידן...

קאַנדידאַ: (וואַרפט זיך צו אים) ליבער...

מערטשב. מיט ווילדן שרעק) וואַרט אויס, מאָרעל, דאָס איז ניט גאָר ערליך. איר טאָרט איר נישט באַווייזן, אַז איר ליידט, מאָרעל, איך לייד דאָך אויך שטאַרק און דאָך באַווייז איך עס ניט.

מאָרעל: (מאַכט אָרדנונג מיט זיך) יאָ, איר זייט גערעכט. איך זוך דאָך נישט קיין מיטלייד. (ער באַפרייט זיך פון קאַנדידעס הענט).

קאַנדידאַ: (גייט אָפּ אַ ביסל אַ באַליידיגטע) האָב קיין פאַריבל ניט. דזשעמס. איך האָב דיך נישט געוואָלט אָנרירן... איך וויל וויסן דיין פרייז...

מאָרעל: (מיט שטאָלצע הכנעה) איך קען דיר נאָר פאָרלייגן מיין כח צו באַשיצן דיך; מיין ערליכן באַנעמונג, כדי שאַפן פאַר דיר רוה; מיין טאַלענט און אַרבעט־פעאיגקייט — אויף צו געבן דיר מיטלען צום לעבן; מיין אַוטאָריטעט און געזעלשאַפטליכע לאַגע, כדי צו באַפרידיגן דיין געפיל פון זעלבסטווירדיגקייט. דאָס איז גאָר, וואָס אַ מאַן קען פאָרלייגן אַ פרוי.

קאַנדידאַ: (לחלוטין רוהיג) און איר, עזשען? וואָס לייגט איר פאָר?

מערטשב. מיין הילפלאָזיגקייט! מיין טרויער! דאָס ליידנשאַפטליכע ווילן פון מיין האַרצן.

קאַנדידאַ: (אַ איבערגעשטעלטע) דאָס איז אַ גוטע פּרייז, עזשען. איצט ווייס איך, וועמען צו אויסקלייבן.
(זי בלייבט שטיין און קוקט דאָס אויף איינעם, דאָס אויפ'ן צווייטן, פאַרגלייכנדיג זיי ביידן. מאָרעל, וועמעס ערהויבענער צוטרוי איז נאָך עזשענס ווערטער, אַריבער אין אַ האַרץ־שרעק, קען מער נישט באַהאַלטן זיין אויפרעגונג, עזשען אָבער, דער־גייענדיג צו דער העכסטער אָנשטרענגונג, — שטייט ווי פאַר־גליווערט)

מאָרעל: (מיט אַ האַלב פאַרשטיקטע שטים. זיין אויסגעשריי קלינגט מיט טיפן טרויער) קאַנדידאַ!

מערטשב. (אָן אַ זייט, מיט פאַראַכטונג) העסליכער האָז!

קאַנדידאַ: (באַדייטנד) איך גיב מיך אַוועק דעם שוואַכערן פון אייך. (עזשען פאַרשטייט תיכף דאָס באַדייטונג פון אירע ווערטער; זיין פּנים ווערט בלאַס ווי צעשמאָלצענע שטאָל).

מאָרעל: (פאַרטרינט דעם קאָפּ מיט אַ רוהיגקייט פון אַ מענטשן, וועלכער פאַלט אַראָפּ אין אַ תהום) איך נעם אָן דיין אורטייל, קאַנ־דידאַ.

קאַנדידאַ: איר האָט מיך פאַרשטאַנען, עזשען?

מערטשב. יאָ, איך שפּיר, אַז איך בין פאַרלאָרן. ער וואָלט נישט אי־בערגעטראָגן דעם לאַסט.

מאָרעל: (הויבט אויף דעם קאָפּ מיט אונגעטרוי, פרעגט מיט פּראָ־זאַאישע לאַקאָניזם) דו האָסט אויסגעוויילט מיך, קאַנדידאַ?

קאַנדידאַ: (שמייכלט) לאָמיר זיך זעצן רוהיג און לאָמיר אַ שמועס טאָן וועגן דעם ווי דריי גוטע פריינד. (צו מאָרעלן) זעץ זיך, ליבער.. (מאָרעל נעמט דאָס קליין שטולכענדל ביים קאַמין) ברענגט מיר יענעם פאָטעל, עזשען. (ווייזט אָן אויף אַ גרינגן פאָטעל. עזשען טראָגט שווייגנדיג דעם שטול, אַרויסבאַווייזנדיג רוהיגע קראַפט, און שטעלט אים אַוועק נעבן מאָרעלן, הינטער זיין פאָטעל. קאַנדידאַ זעצט זיך. עזשען גייט צו צום דיוואַן און מיט אַ פאַרהעלטיגן אויסזעהן זעצט ער זיך דאָרט. ווען זיי זיצן שוין אַלע רוהיג, הייבט קאַנדידאַ אָן ריידן, באַרוהענדיג זיי ביידן מיט איר קלוגן און צערטליכן טאָן) איר געדיינקט, ווי איר האָט מיר דערציילט וועגן זיך, עזשען: ווי ס'איז ניט געווען ווער עס זאָל זאָרגן פאַר אייך פון אייער ניאַניעס טויט אָן; ווי אַייערע שוועסטער ווי מאָדע־פּריזען און די געשיקטע

ברידער אײערע זײַנען געװעזן די ליבלינגס פֿון אײערע עלטערן;
װי איר האָט זיך געשפּירט אומגליקלעך אין איטאַליענער קאָלעדזש.
װי אײַער פֿאָטער האָט געװאָלט ניט אַנדערש פֿאַרטרײַבן אײַך
צוריק אין אָקספֿאָרד; װי אײַך איז אויסגעקומען צו לעבן אָן
געמיטלעכקײַט, אָן צאַרטקײַט, שטענדיג אײנזאַם, קײנער האָט
אײַך ניט געליבט און ניט פֿאַרשטאַנען, מײַן אָרימער ײנגעלע.

מערטשב. (אַנטרױענדיג זיך די פֿאָרנעמקײַט פֿון זײַן גורל) בײַ מיר זײַ-
נען געװען מײַנע ביכער. װעלכע איך האָב ליב; איך האָב
געהאַט גאַטור. און לסוף האָב איך באַגעגנט אײַך.

קאַנדידאַ: נו, װעגן דעם לאָמיר איצט ניט רײדן. איצט װיל איך זאָלט
איר אַ קוק טאָן אויף מײַן צװײטן ײנגעלע דאָ, אויף מײַן ײנגע-
לע, װעלכער איז צופּעסטעט פֿון װיגעלע אָן. אַלע צװײ װאָלטן
װערן מיר געװאָר זײַנע עלטערן. אַמאָל װעט איר דאַרפֿן גײן
מיט אונז און אַ קוק טאָן אויף די בילדער פֿון דעם פֿאַמיליען-
העלד. דזשעמס — אַ קלײנינקער, אַן עופּעלע, און ס׳פֿאַר-
שטײט זיך, די שענסטע עופּעלע אויף דער װעלט! דזשעמס,
װעלכער האַלט אין האַנט די ערשטע פּרעמיע פֿאַר גוט לערנען זיך,
אין עלטער פֿון אַכט יאָר! דזשעמס אין ראָל פֿון אַ קאַפּיטאַן
פֿאַר שול-שפּולן! דזשעמס, װעלכער האָט צום ערשטן מאָל
אָנגעטאָן אַ סורטוק! קורץ — דזשעמס אין פֿאַרשידענע גלענ-
צענדע מאָמענטן! איר װײסט װי ער איז פֿיזיש געזונט (איך
האָף, אַז ער האָט אײַך קײן װײטאָג ניט פֿאַרשאַפֿן), װי ער איז
קלוג און גליקלעך?! (מיט אַ װאַקסנדן ערנסט) פֿרעגט זײַן
מוטער און זײַנע דרײַ שװעסטער, װיפֿיל כוחות דאָבן זײ אַװעק-
געלײגט דערויף, אַז דזשעמסן זאָל נישט מער בלײַבן װי צו
זײַן געזונט, קלוג און גליקלעך. פֿרעגט מיך, װאָס קאָסט מיך
פֿאַרבײַטן דזשעמסן זײַן מוטער מיט די דרײַ שװעסטער און
אין דער װעלכער צײַט אויך זײַן אים אַ פֿרוי און זײַנע קינדער
אַ מוטער! פֿרעגט בײַ פּראָסי און מערי װיפֿיל מיר דאַרפֿן זיך
עסקן מיטן בעל הבתישקײַט, אויב ס׳זײַנען ניטאָ אַזעלכע געסט,
װאָס זאָלן אונז העלפֿן שנײַדן די ציבעלעס... פֿרעגט בײַ די
פּראָדוקטן-הענדלער, װעלכע דערעסן דזשעמסן און מאַכן קאַליע
זײַנע גלענצנדע רעדעס, װער פֿאַרהיט אים פֿון זײ? אַז אין
שטוב איז פֿאַראַן געלט מיט װאָס צו צאָלן, — צאָלט ער און
אויב עס איז ניטאָ, — נעם איך עס אויף מיר. איך האָב גע-
שאַפֿן אַ שלאָס, פֿול מיט געמיטלעכקײַט און ליבע פֿאַר אים!

איך שטײ שטענדיג אויפֿן וואַך, צו איִם וואָלן נישט דערגײן די קלײנליכע, אַלטעגליכע און ניט אינטערעסאַנטע דאגות. איך מאַך איִם וואָ פֿאַרן בעל הבית, הגם ער ווײס עס ניט און מיט עטליכע מינוט צוריק, האָט ער נישט געקענט זאָגן ווי אַזוי דאָס האָט פּאַסירט, (מיט אַ צערטליכן פֿאָרוואָרף) און אָט, אַז ער האָט אַ טראַכט געטאָן, אַז איך קען אַוועק מיט אײַך, האָט איִם דאָס אײנציגע זאַך באַאומרוהיגט, דער געדאַנק, וואָס וועט מיט מיר זײַן, און כּדי צו ציען מיך, איך זאָל בלײַבן מיט איִם, האָט ער מיר פֿאָרגעלײגט (זי גלעט זײַן קאָפּ בײַ יעדע פֿראַזע) זײַן כּח, כּדי צו באַשיצן מיך, זײַן אַרבעטס־פֿײַאיגקײַט איך לעבנס־מיטל און זײַן געזעלשאַפֿטליכע לאַגע, כּדי צו באַפֿרידיגן מײַן זעלבסטווירדיגקײַט! (ווײַלער) איך האָב צוּפּלאָנטערט דײַנע שײנע פֿראַזן און האָב זײ צושעדיגט, ניט אמת, ליבער? (זי דריקט צו איִר פּנים צו זײַנעם)

מאָרעל: (דיער געררט, שטעלט זיך נעבן איר אויף די קני און נעמט איר אַרום בײַם טאַליע מיט אַ לײַכטקײַט פֿון נאָר אַ יונגן) אַלץ, וואָס דו האָסט געזאָגט — איז אמת, יעדער וואָרט — אמת. דו האָסט מיך געמאַכט פֿאַר אַזאַ מיט די אַרבעט פֿון דײַנע הענט און מיט די ליבע פֿון דײַן האַרצן. דו ביסט פֿאַר מיר — אַ פֿרוי, אַ מוטער, שוועסטער; דו פֿאַרקערפּערסט אין זיך אַלץ וואָס ליבט און וואַרנט פֿאַר מיר.

קאַנדידאַ: (אין מאָרעלס אָרעמס, שמײכלט צו עושענען) און פֿאַר אײַך, עושען, בין איך אַ מוטער און אַ שוועסטער?

מערטשב. (הײבט זיך אויף מיט אַ בײזע באַוועגונג פֿון האַס) נײן קײנמאָל ניט! קײנמאָל ניט! איך גײ אַוועק אין שאָטן פֿון דער נאַכט! איך גײ אין פֿינסטערניש אַוועק!...

קאַנדידאַ: (הײבט זיך שנעל אויף און פֿאַרשטעלט איִם דעם וועג) איר וועט פֿון אונז אַזוי ניט אַוועק, עושען.

מערטשב. (צום ערשטן מאָל קלינגט זײַן שטים ווי בײַ אַ דערוואַקסענעם מאַן) איך ווײס, אַז מײַן שעה איז געקומען, און איך בין אומגעדולדיג צו פֿאַרווירקליכן דאָס, וואָס איך דאַרף פֿאַרווירקליכן.

מאָרעל: (באַאומרוהיגט, הײבט זיך אויף) קאַנדידאַ, האַלט איִם אָפּ פֿון משוגעת'ן.

קאַנדידאַ: אָ, ניטאָ וואָס צו מורא האָבן! ער האָט זיך אויסגעלערנט ווי צו לעבן אָן גליק!

**מערטשב.** איך יאָג זיך מער נישט נאָך גליק. ביים לעבן איז דאָ פאַרנע-מערע אויפגאַבן. פאַסטאָר דזשעמס, מיט בידע הענט גיב איך אייך אַוועק מיין גליק: איך ליב אייך דערפאַר, ווייל מיט אייך איז אָנגעפילט די האַרץ פון יענער פרוי, וועלכע איך האָב געליבט. אַדיע. (גייט צום טיר)

**קאַנדידאַ:** נאָך איין לעצטן וואָרט. (עזשען בלייבט שטיין, נאָר קערט זיך ניט אום צו איר מיטן פּנים) וויפיל יאָר איז אייך, עזשען?

**מערטשב.** איצט בין איך אַלט ווי די וועלט, און אין דער פרי איז מיר געווען 18 יאָר.

**קאַנדידאַ:** (גייט צו צו אים און בלייבנדיג הינטער זיין פּלייצע, לייגט זי אים אַרויף די האַנט) אַכצעהן! שרייבט אָן אַ קליינע ליד. איך וועל אייך געבן אַ טעמע פון צוויי פראַזן, און זאָגט מיר צו, אַז איר וועט זי אַליין זיך לייענען שטענדיג, ווען איר וועט זיך דערמאָנען אָן מיר.

**מערטשב.** (אומבאַוועגליך) זאָגט די פראַזן.

**קאַנדידאַ:** — אַז מיר וועט זיין דרייסיג, וועט איר זיין פינף און פערציג. אַז מיר וועט זיין זעכציג, וועט איר זיין פינף און זיבעציג.

**מערטשב.** (קערט זיך אום צו איר) זאָל אַפילו הונדערט יאָר דורכגיין, וועלן מיר אַלץ בלייבן אין דעם זעלבן עלטער. נאָר אין די טיפעניש פון מיין האַרצן באַהאַלט איך אַ גרעסערע געהיימניש... איצט לאָזט מיך גיין. די נאַכט וואַרט מיך.

**קאַנדידאַ:** זייט געזונד! (זי נעמט אַרום זיין פּנים; אַז ער שטויסט זיך אָן, וואָס זי וויל טאָן, פאַלט ער אויף די קני, קאַנדידאַ קושט אים אין שטערן. עזשען ווערט פאַרשוואונדן אין פינסטערניש פון נאַכט. קאַנדידאַ שטרעקט אויס די הענט צו מאָרעלן) אַך, דזשעמס! (זיי פאַלן איינער דעם צווייטן אין די אָרעמס. נאָר די געהיימניש פון דיכטערס האַרץ האָבן זיי זיך אַלץ ניט דערוואוסט...)

פאָרהאַנג

# ווילנער פאַרלאַג
## פון ב. א. קלעצקין.
ווילנע קליין סטעפן נאָם 23.

עס איז אַרוים פון דרוק פאָלגענדע ביכער:

1. ת. אפרתי, יידישע געשיכטע (א לערן-בוך) פון
... קאָמיש
... אַ דראַמע
איבערזעצט פון מ. עלקין.

3. בערנאַרד שאָו. „קאַנדידאַ" א מיסטעריע אין
3 אקטן איבערזעצט פון מ. עלקין

---

Wydawnictwo Wilenskie' B. A. Kleckina.
Wilno Mala Stefanska 23

ערנארד שאָאו.

# קאַנדידאַ

מיסטעריע אין דריי אקטן.

איבערזעצט פון מ. עלקין.

ווילנער פארלאג פון ב. א. קלעצקין.
דרוקעריי „ווילנער פארלאג" קלײן סטעפן גאס 23.